# אינהאַלט:

וראה גם־ראה: עוד הם נמקים ביגונם,
כלם יורדים בבכי, ישאו קינה בניהם,
והנה הם מתופפים על לבבהם
ומתודים על עונם
לאמר: „אשמנו, בגדנו״־ולבם
לא־יאמין לפיהם.
היחטא עצב נפוץ ואם־שברי חרש
יאשמו?
ולמה זה יתחננו אלי? — דבר
אליהם וירעמו!
ירימו־נא אגרוף כנגדי ויתבעו
את־עלבונם,
את־עלבון כל־הדורות מראשם
ועד־סופם,
ויפוצצו השמים וכסאי באגרופם.

**ח. נ. ביאליק — בעיר ההרגה.**

לא המתים יהללו יה ולא כל ירדי דומה
(תהלים קט"ו)

א.

# גדוּף

קדושים, מאַרטירער....

איך האָב קיינמאָל, דאַכט זיך, נישט געפילט אַזאַ געל־נפש צו די ווערטער, מיט וועלכע עס איז איצט געדיכט די לופט, וואָס מיר אָטעמען.

קדושים, מאַרטירער....

„קדושים", און עס דערמאָנען זיך די „גיל־דענע", פעטע פליגן אַרום זומערדיקע מיסט־הויפנס....

און דאָס שטעכיקע־שפּיזיקע וואָרט „מאַרטי־רער" דערמאָנט אָן די גרויע, פּויזנדיקע אָדער הענגענדיקע שפּינען....

קדושים, מאַרטירער... און מיליאָנען נאָך קדושים און מאַרטירער, און טאָג און נאַכט — קדושים און מאַרטירער. און אַ געשיכטע פול מיט קדושים און מאַרטירער, ווי אַ פאַרשוועכט־

הייליק־וואָכעדיקער בית־עולם. קדוש... הייליק
... הייליק... „חדקלען" גאַנצע אומענדלעכע,
טוכלע פּעכקע אויל.

קדושה־קדשה....

פאַרהייליקן־פּראָסטוטואירן....

„און נישט די טויטע לויבן גאָט און נישט די,
וואָס נידערן אַראָפּ אין שווייגן".

* * * *

וואָלט נישט געווען בעסער ווען אונזערע
פרומע זיידעס און עלטער־זיידעס וואָלטן זיך
אויסגעמישט צווישן די פעלקער פון דער ערד.

מיליאָנען יידן און יידישע קינדער — קינדער
— וואָלטן אין אונזערע יאָרן נישט אומגעקומען
אין גאַז־אויוונס, ווייל טויטע לויבן נישט סאַי
וועלכן גאָט.

* * * *

איך מוז גלויבן — איך קען נישט אַנדערש
— אַז ווען מען ווייזט די פרומסטע, טייערסטע
און שעפערישסטע פון אונזערע עלטער־זיידעס
די גאַז־אויוונס, די טויט פאַבריקן און לאַגערן,
אין וועלכע מיליאָנען פון זייערע אור־אייניקלעך
וועלן אומקומען, ווייל זיי זענען יידן — וואָלטן

זיי געלעסטערט. און זייער לעסטערונג וואָלט געווען זייער מענטשלעכסטער און געטלעכסטער אקט.

* * * *

זאָגט מיר, אין וואָס פאַר אַ קבלה־ספרים, אין וואָס פאַר אַ זוהר, קען מען געפינען אַ תקון פאַר אַ גאָט, וואָס איז עובר אויף בל־תשחית?

* * * *

די יידישע אינטעליגענטן און פּאָעטן, וועלכע האָבן זיך לעצטנס אָנגעטון אין צדקותדיקע פאַר־טערלעך (שטריימעלעך מיט עקעלעך זענען זיי נאָך לעת-עתה צו „וועלטלעך" אָנצוטון) און האַלטן איצט אין איין זינגען און יאָכמערן וועגן אונזערע מיליאָנען קדושים און מאַרטירער און וועגן אונזערע אַמאָליקע „גאַנצע יודן" — פאַר־שוועכן נאָר זייערע אייגענע געראַטעוועטע לעבנס, זייער אייגענעם צער.

און וואָס איז נאָך פיל זינדיקער: זיי פאַר־שוועכן גסיסה און טויט!

* * * *

ווער ס'האָט געקענט צוזעען דעם לעצטן אַני־מאַלישן בליק פון אַ שטאַרבנדיקן מענטשן, אָדער דעם לעצטן מענטשלעכן פאָרוואורף (צו גאָטהייט און באַשאַפונג) פון אַ צום טויט איבערגעפּאַרע־נעם הונט אין גאַס, דער ווייסט און פילט טיף אין האַרצן ווי נעבעכדיק־היפּאָקריטיש און פאַר־שוועכנד ס'איז צו זינגען און צו זאָגן פון מיליאָ־נען קדושים.

*   *   *   *

ווען מען גיט די מיליאָנען אומגעבראַכטע אַן אויסוועג פון זייער יידישקייט, וויפיל צענדליק פון זיי וואָלטן נישט געוואָלט בלייבן ביים לעבן און זיך געלאָזט אין די גאַז־קאַמערן „על קידוש־השם"?

און ווער פון אונזערע מאָדערנע בעלי־תשובה וואָלט עס געוואַגט זאָגן צו זיי: „ניין, לאָזט זיך פאַרברענען!"?

*   *   *   *

פּאַסקאַל זאָל האָבן געזאָגט פאַרן טויט: „איך גיי זען דעם גרויסן אפשר". אָבער וואָס האָט ער געזאָגט ווען ער האָט שוין גאָרנישט געקענט זאָגן, ווען דער לעצטער טראָפּן לעבן האָט זיך

אין אים אויסגעלאָשן? האָט ער, דער „האַזאַרד־
שפּילער" אויף גאָטהייט, נישט געזאָגט: „פאַר־
שפּילט"?

„און נישט די טויטע לויבן גאָט".

* * * *

„מיין גאָט, מיין גאָט, פאַרוואָס האָסטו מיך
פאַרלאָזט!" — זענען געווען די לעצטע ווערטער
ישועס אויפן צלם.

אָבער וואָס האָט ער נאָך די ווערטער געזאָגט
אין זיך וואָס קיינער האָט נישט דערהערט.
ווען זיינע פאַרחלשטע ליפּן האָבן שוין נישט גע־
קענט באַוועגן זיך: „גאָט, מיין גאָט, וואו
ביסטו"?

און נאָך די סאַמע לעצטע, נישט דערהערטע
פון קיינעם ווערטער — דער לעצטער מענטש־
לעכסטער זיפץ:

„ניש—טאָ".

און דאָס ליכט פון דער וועלט האָט זיך אויס־
געלאָשן.

* * * *

מענטשן קומען נישט אום על קדוש־השם, נאָר מיט גדוף־השם.

* * * *

קדוש־השם איז אָדער דעם יחידם לעצטע יאוש־האָפנונג אויף א נס לעבן צו בלייבן, אָדער דעם יחידם — עס זענען געווען א פּאָר אַזעלכע ביי אַלע פעלקער — איבערצייגונג, אַז מיט זיין טויט באַפרוכטפערט ער און מאַכט רייכער דאָס לעבן נאָך אים.

אָבער קדוש־השם לשם קדוש־השם, אָן א האָפ־נונג אויף א נס און מיט דעם מאָרגן פון די איי־גענע קינדער אויך פאַרברענט — דאָס איז גדוף־השם.

אַזאַ טויט איז גדוף פון דער אמתער געטלעכ־קייט, וואָס איז דער סינאָנים פון לעבן, שעפע־רישקייט.

* * * *

וואָס פאַר א נאָמען, וואָס פאַר א וואָרט, וואָס פאַר אַן אות — אפילו „דאָס אות, דער 23־טער, וואָס וועט אַנטפּלעקט ווערן ווען משיח וועט קומען" — קען עס געהייליקט ווערן דורך פאַר־שרפעטע קינדישע לייבעלעך אויף טויטן, נישט־באַפרוכפערנדיקן אַש?

אפילו אונזער ערשטער שטערן־און גאָט־זעער, אברהם, וועלכער איז גרייט געוועז מקריב צו זיין דעם איינציקן, געליבטן זון זיינעם — אַן אַקט פון פרימיטיוון, סובלימיזירטן אַנימאַליזם — וואָלט מורד געוועז, ווען מען ווייזט אים אין אַ „תרדמה“, אַז זיינע קינדער וועלן ווערן ווי אַש און נישט ווי זאַמד. וואָלט ער אויך געזאָגט: „איך דאַרף תשובה טון און זיך אומקערן צו די געטער פון מיין פאָטער תרח, צו די געטער, וואָס איך האָב צעבראָכן ווען איך בין געוועז יונג און געחלומט פון איין מוראדיקן גאָט“?

* * * *

פאַר מיר איז דאָס פירכטערלעכסטע (נאָך שרעקלעכער ווי די אומגליקלעכע יידן, וואָס האָבן געהאָלפן דאָרט די נאַצים: אל תדין את חברך...) ווען איך קלער וועגן די פאַרשידענע בעלזנס — און עס וועט זיך אונז און אונזערע קינדער נאָך לאַנג, לאַנג, נישט ווילנדיק און אַן אונזער וויסן קלערן „דערפון“ — די פאָרשטעלונג, אַז אויך דאָרט איז פאָרגעקומען געשלעכט־לעכער פאַרקער צווישן מאַן און פרוי, וואָס זענען דורך אַ „גליקלעכן צופאַל“ נישט צעשיידט גע־

וואָרן; און אפשר אויך „ערשטע ליבעס"?
קינדער זענען דאָרט געבוירן געוואָרן.

האלב לעבעדיקע סקעלעטן אָן א האָפנונג אויף א מאָרגן האָבן זיך צעוואָרעמט אין ענגשאַפט, אין באַרירונג — און קראַנקע, לעצטע פונקען פון „אייביקער ליבע", פון „מיט געוואַלד לעבסטו", האָבן זיך אויפגעוועקט און די לעצטע „טיפות סרוחות" האָבן זיך סטיכיש געריסן צו נייע וועלטן....

קינדער זענען געבוירן געוואָרן אין די פאַר-פעסטעטע און פאַראורטיילטע קאָנצענטראַציע־לאַגערן.

על גדוף־השם.

*      *      *      *

„מיתת נשיקה" — א טעמע פאַר א פּאָעמע:

א געפּאַקטער גאַז־קאַמער מיט נאַקעטע לײַבער, די לעצטע רגע איידער די מענטשן־חיות דרייען אויף דעם קראַן, די לעצטע רגע־אייביקייט, לײַב צו לײַב, מאַן און פרוי, יונג, נאָך יונגע פריצייטיק־פאַרגעלטע ברוסטן — אויסגע-ליידיקטע בייטלען — שטייפן און פולן זיך. דער געשטאַנק פון לײַבער פאַרגעסט זיך אין דער לעצטער האַלבער רגע — אייביקייט. דאָס כאָרכ־

לען פון די לעצטע גסיסה „אחד'ס" פון אַלטע
יידן אויפן שוועל פון כפירה און שווארצע לעס־
טערונגען, אָבער לייב צו לייב פּרעסט זיך... די
לעצטע געוויינען פון קינדער, וואָס האָבן שוין
פאַרגעסן לאַנג, לאַנג מיט אייביקייטן צוריק,
דעם זין פון שפּיל און וואונדער — שווימען שוין
ערגעץ אויף אַ וויטן נאַכטיקן ים. לייב צו לייב,
ברוסטן, טויטע ליפּן טרעפן זיך, מיתת־נשיקה...

און נאָך אַ האַלבער רגע — אַש.

„עס שלאָפט נישט און דרימלט נישט דער
היטער פון ישראל".

*    *    *    *

אָ, איר גלויביקע לעסטערער און לעסטערער
אין גלויבן!

„הייליקע נאַכט, שטילע נאַכט" — האָבן סענ־
טימענטאַל געזונגען די שכורע נאַצי־וועכטער פון
די בעלזנס אין דער נאַכט פון „ניטל".

און אפשר דערביי פאַרגאָסן כשרע, רעליגיעזע
טרערן.

מענטשן זענען דאָך אַזעלכע עקלהאַפט־געט־
לעכע, אָדער געטלעך־עקלהאַפטע — וואָס איז
פינסטערער און מוראדיקער? — באַשעפעניש.

ב.

# תשובה

שמים אם יש בכם אל ולאל בכם נתיב...
(ביאַליק — „על השחיטה")

„צוריק צו דער יידישער אמונה; צום יידישן גאָט; צו דער יידישער עטיק; צו דער יידישער רעליגיע — דער בעסטער און עטישסטער פון אַלע רעליגיעם"....

צוריק, צוריק — אַ קול צעקה אין דער צע־שראָקענער מחנה אינטעליגענטן אָדער געוועזענע אינטעליגענטן.

נאַציאָנאַלער גאָט... נאַציאָנאַלע רעליגיע?

האָט איר געהערט פון אַ נאַציאָנאַלן מיטל פאַר קרעבס? האָט איר געהערט פון מענטשן, וואָס באַרימען זיך, אַז זיי האָבן אַ מיטל פאַר קרעבס אָדער אַן אַנדער סכנותדיקער קראַנקייט און זיי האַלטן עס נאָר פאַר זייער פאָלק?

און אַ גאָט, אַ גלויבן, דאַרף דאָך זיין עפּעס מער נאָך ווי אַ מיטל פאַר קרעבס — אַ זין, אַ

גאָט און תכלית פון דער גאַנצער בריאה — און דאָך יאַכמערן אונזערע נעאָ־פּרומאַקעס איצט וועגן זייער נאַציאָנאַלער רעליגיע, וועגן א יידישן גאָט....

— האָט איר א גרויסן און איינציקן אמת — פאַרוואָס זשע זענט איר אזוי נישט עטיש און נישט רעליגיעז און באַהאַלט אים פאַר זיך? פאַרוואָס פאַרשפּרייט איר נישט דעם איינציקן אמת אייערן אויף אַלע מאַרקן פון דער ערד?

אונזערע אַלטע און נייע פּרומאַקעס רעדן פון אונזער נאַציאָנאַלער רעליגיע ווי די אַמעריקאַנער באַנקירן פון דער אַטאָמישער באָמבע: „מען קען נאָך איר סוד נישט אַנטפּלעקן, ווייל די אַנדערע פעלקער זענען נאָך נישט גענוג ציוויליזירט, דע־מאָקראַטיש און עטיש, ווי מיר זענען“....

דער חילוק איז נאָר וואָס אונזער „נאַציאָנאַלע אַטאָמישע באָמבע“ האָט שוין באַלד אומגע־בראַכט אונזער פאָלק.

* * * *

פיר, פינף צו זעקס מיליאָן אומגעקומענע „אומזיסט און אומנישט“, אָדער נאָר צוליב

וועלכע ס'איז אַטאַוויסטיש־געירשנטע אויסער־לעך און אינערלעך אויסגעטראַכטע און אויסגע־דרונגענע יידישקייט־טעאָריעס און פילוסופיות!

א מיליאָן אַראָפּ, אַ מיליאָן אַרויף — אַז ס'האַנדלט זיך שוין אין מיליאָנען איז דאָך נישט שייך... די צייט, ווען מען האָט געציילט מענטשלעכע קרבנות אין די צענדליקער, הונ־דערטער און טויזנטער, איז דאָך שוין מיט דער הילף פון די געטער און דעם יידישן גאָט בתוכם אריבער... און אַלע זאָגט איר, זענען געווען קדושים, און מאַרטירער, וועלכע האָבן געגרויסט און געהייליקט גאָטס נאָמען, יעהאָוואַס נאָמען...

א פאָלק פון זעקס מיליאָן איז אומגעקומען. א גאַנץ פאָלק: וואָרום וויפיל פעלקער זענען עס פאַראַן, וואָס ציילן ווייניקער ווי זעקס, פינף און אפילו פיר מיליאָנען נפשות און האָבן אייגענע מלוכות, לענדער (נאָר נעבעך נישט קיין יידישן גאָט, וואָס זאָל זיי שיצן).

און דאָ איז אַ זעקס מיליאָניק פאָלק אומגעקו־מען נאָר דערפאַר, ווייל זיי זענען געווען יידן. (און, אגב, שוואַכערע מענטשן־חיות צווישן שטאַרקערע מענטשן־חיות) נו, שרייט איר אַלע און זינגט, אַז אַ פאָלק איז אומגעקומען צוליב

זיין גרויסער אמונה, צוליב זיין גלויבן אינם איינציקן אמתן, איינציק גרויסן, איינציק גע־רעכטן און שטארקן יידישן גאָט; על קדוש־השם.

זענען מיר — ווי אַלע מענטשן — ווי קליינע קינדער, וואָס שרייען צו זייערע טאַטעס אפילו ווען זיי זען ווי זייערע טאַטעס קענען זיי נישט העלפן ווען זיי ווערן צעריסן; אפילו ווען זיי זען ווי זייערע מעכטיקע טאַטעס ווערן אַליין געשענדעט, געשלאָגן, דערנידעריקט און באַ־שפּיגן; אפילו ווען זיי זען זייערע טאַטעס שוין, טויט? שרייען מיר איצט צו די טויטע, געשענ־דעטע על גדוף־השם טאַטעס און מאַמעס:

„העלפט, העלפט, מיר ווען גיין אין אייערע דרכים, מיר וועלן אייך פאָלגן און לאָזן זיך פאַר־ברענען ווי איר“....

אָ, וואָס פאַר אַ שרעקלעכע עבודה־זרות און בלוט־דורשטיקע אָפּגעטער זענען עס די אמתע, ריינע און גערעכטע געטער.

וואָס פאַר אַ מולך האָט עס אויפגעפרעסן און פאַרברענט אַזויפיל מענטשלעכע קרבנות ווי אונזער אמתער, גרויסער און איינציקער גאָט, מיט וועלכן מיר האָבן, הייסט עס, באַגליקט די וועלט, די גאַנצע מענטשהייט.

אָ, יעהאָוואַ, יעהאָוואַ, וואָס דיין נאָמען אַליין גיסט נאָך עד־היום פורכט און אימת־מות אין אונזערע מאַרך און ביינער און אין די מאַרך און ביינער פון אַלע פון געבוירן שלעכטע מענטשן־קינדער.

*     *     *     *

יאָ, זאָגן מיר היינטיקע חכמים, די פּאַגאַנישע פעלקער קענען אונז עד-היום נישט מוחל זיין פאַרוואָס מיר האָבן זיי געגעבן אַ מאָנאָטעאיזם און אַ קריסטענטום, און זיי האָבן אונז דערפאַר פיינט און זוכן אונז אויסצוראָטן. זיי בענקען, הייסט עס, נאָך זייער פּאַגאַנישן שורש; זיי ענטפערן דעם רוף פון זייער טריפה, געצנדינע־ריש בלוט און קרייציקן איצט דערפאַר דאָס פאָלק פונם געקרייציקטן.

פּוסטע און ליידיקע גענעראַליזאַציעס און מליצות; זענען מיר יידן ווייניקער געצנדינעריש ווי די היינטיקע פעלקער? זענען מיר אַלע נישט איינגעטונקען אין די פינסטערסטע איבער־גלויבנס, וואָס שטאַמען פון די פּרימיטיווסטע אור־צייטן? לויערן נישט אין די פינסטערע ווינקעלעך פון אונזערע שולן און בתי־מדרשים — אַמאָליקע און היינטיקע — אַזעלכע טונקל־

אַטאַװיסטישע אָפּגעטער נאָך פון פאַר אברהם אבינו׳ס צייטן, פּונקט ווי אין זייערע קירכעס און קלויסטערס ?

און וויפיל זענען געווען, און וויפיל זענען איצט פאַראַן צווישן אונז אַזעלכע אמתע, לויטערע מאָנאָטעאיסטן ? זענען געווען, זענען דאָ, מער „אמתע יידן" ווי „אמתע קריסטן" ? און וויפיל אמתע, גרויסע גאָט־מענטשן גיט עס ארוים אַ דור, אַ פאָלק ? אפשר נאָך ווייניקער ווי אמתע, גרויסע דיכטער.

און פאַרוואָס זענען מיר זיך יאָ מוחל אַזאַ גרויסן, איינציקן, אין-סופיקן גאָט, וועלכער קוקט צו מיט זיינע אין־סופיקע בלינדע אויגן און שווייגט מיט זיין אין־סופיקן שווייגן ווי מען בראָקט אַריין מיליאָנען פון „זיינע אויסדער־ווײלטע קינדער" אין לעבעדיקע גריבער, און לאָזט מיליאָנען נאָך פאַרברענען אויף אַש אין גאַז־אויוונס ? איז ער אַזוי אַלמעכטיק־אָנמעכ־טיק ? דינען מיר אים דערפאַר ?

פאַרוואָס איז ער אַזוי בייז און שטראָפט אונז אַזוי ? און מיט וואָס זענען אונזערע זינד גרעסער און שווערער ווי די זינד פון אַלע אַנדערע פעל־קער און מענטשן ?

און ווער האָט די זינד באַשאַפן? און ווער האָט באַשאַפן עקדישן, שלאַנגען און ווערעם און מענטשלעכע נאַצים? ליידן אָט די גיפטיקע חיות. אויך נישט פונם צער פון מוזן געבוירן ווערן, פון מיט-געוואַלד־לעבן, פון מוזן עסן, פאַר־צוקן און מוזן פאַרצוקט ווערן — שטאַרבן?

און פאַרוואָס האָט ער זיך דוקא אָנגעזעצט אויף זיין „אויסדערוויילט פאָלק" און מוטשעט עס אַזוי? זאָל זיין דערפאַר ווייל מיר האָבן זיך אַליין אויסדערוויילט אַלס זיין „אויסדערוויילט פאָלק ישראל?" און פאַרוואָס זענען מיר איינ־געשפּאַרטער ווי אַלע אַנדערע פעלקער אויסדער־ווילט, נאָר כדי מיר זאָלן מער געשטראָפט זיין?

אויב דער פירכטערלעכער יעהאָוואַ אונזערער האָט אונז אַזוי ליב — פאַרוואָס האָט ער אונז נישט צוגענומען ווען מיר זענען געווען יונג ווי אַ סך אַנדערע ווייניקער געליבטע פעלקער?

האָבן מיר געדאַרפט אַזאַ לאַנג, צוויי־טויזנט יאָריק לעבן, כדי מען זאָל איצט, פאַר אונזערע אויגן, זעקס מיליאָן יידן — דעם רוב מנין ובנין פון אונזער פאָלק — אַזוי פאַרברעכעריש־אידיאָ־טיש־וויסנשאַפטלעך אין אַ צוויי־דריי יאָר אומ־ברענגען? נאָך וואָס און פאַרוואָס?

* * *

איך ווייס נישט וואָס איז מוראדיקער און מוח-איבערקערנדיקער — גאָטלאָזיקייט אָדער גאָט?

וואָס שרעקט אַ קינד מער? — אַ גרויסע, גרויסע נאַכטיקע שטוב אָן עמיצן, צי מ י ט אַ פאַרהוילענעם „עמיץ"? גיט אַ קלער און הערט און זעט דאָס קלערן: „נישטאָ קיין גאָט; ס'איז דאָ אַ גאָט". — וואָס איז שרעקלעכער און מורא-דיקער?

שטראָפט אונז און אַלע פעלקער די גאָטלאָזי-קייט פאַרוואָס מיר גלויבן אין גאָט און געטער?

*     *     *     *

ווען אין דער ליסאַבאָנער ערד־ציטערניש זע־נען אומגעקומען אַ פּאָר צענדליק טויזנטער מענטשן, האָט וואָלטער — זייט מוחל וואָס איך ציטיר אַזאַ נישט־מאָדערנעם און נישט מאָדישן קלוגן מענטשן — נאָך מער און שטאַרקער אָנ־געהויבן צווייפלען אין אַ השגחה עליונה און אָנ־געהויבן פרעגן: וואו איז דער זין? וואו איז דער ליכטיקער גרויסער שכל?

און מיר? און איצט?

דער רוב מנין ובנין פון אונזער פאָלק ממש בידים פאַרשניטן געוואָרן, און אונזערע שארית-הפליטהדיקע הונדערטער אינטעליגענטעלעך, גע־

ווערזענע קליינטשיקע, פּיטשינקע וואָלטערלעך
האָבן זיך איצט צעשריגן און צעגעוואַלדעוועט:
תשובה, תשובה! קומט, לאָמיר זיך שטאַרקער
צוטוליען צו אונזער אַלטער יידישער אמונה.

וואָלטערן האָבן אַ פּאָר צענדליק טויזנטער
מענטשלעכע קרבנות פון אַן ערד־ציטערניש גע־
מאַכט צווייפלען און אונזערע אינטעליגענטלעך
און פּאָעטלעך (געוועזענע, במחילה, אפיקורסים)
האָבן מיליאָנען קרבנות נאָך פרומער און רעלי־
גיעזער געמאַכט. און זיי שרייען איצט: צוריק
צו יידישקייט, צוריק צו דער יידישער אמונה,
צום אַלטן יידישן גאָט! — און וויקלען זיך אין
טליתים און תפלין ווי לעבעדיקע מתים אין לע־
בעדיקע תכריכים....

פאַרוואָס איז דאָס?

דאַנקען זיי דעם אַלטן גרויסן יידישן גאָט
פאַרוואָס זייערע לעבנס זענען געראַטעוועט גע־
וואָרן, ווייל זיי זענען צופעליק אין דער צייט
אַוועק פון די נאַצי־אָקופּירטע לענדער?

אָדער זיי זענען אַזוי פּריטשמעליעט געוואָרן
און זייערע גייסטיקע אָטעמס זענען אַזוי פאַר־
כאַפּט געוואָרן, אַז זיי האָבן געלאָזט פאַרמאַכן
די אויגן און הערצער און שרייען ווי אומגליק־

לעבע בלינדע קינדער צו זייערע געשענדעטע און באַשפּיגענע טאַטעס (פאַרן אומברענגען): העלפט אונז!

מאַכן זיי נישט מיט זייערע תשובה געשרייען אַ בלבול אויף די מיליאָנען אומגעקומענע על קדוש השם, וועלכע זענען זיכער קיין אַטעאיסטן נישט געווען; פאַר וועמענס זינד זענען זיי, וואָס זענען געגאַנגען אין די פוס־טריט פון זייערע טאַטעס, אומגעקומען?

און אונזער שארית־הפליטהדיקע אינטעליגענץ קלאַפּט זיך איצט על־חטא אויף די איינגעפאַלענע ברוסט־קעסטעלעך און פינטלען יראת־שמימדיק מיט די באַשפּאַקולעטע, האַלב־אויס־געלאָשענע, דערשראָקענע אויגן, און האָבן אייגער דעם צווייטן פּיינט... אַ גאַנץ פאָלק איז אומגעקומען — גאָטס פאָלק. און זענען נישט אַלע פעלקער גאָטס „כשרע" בהמהלעך?



ג.

# תפילה

„ווי האזארד־שפּילער מוזן מיר אַלץ איינ־שטעלן אויף דעם שאַנס, אַז ס׳איז דאָ אַ גאָט וואָרום אויב מיר פאַרשפּילן, פאַרלירן מיר זער ווייניק; און ווען מיר געווינען, געווינען מיר אַלץ" — פּאַסקאַל.

* * * *

איך ווייס וואָס אַטאַוויסטישע פרומקייט איז:

נעכט בין איך געלעגן אונטער אַן אייזערנעם טיש מיט די קינדער און געציטערט און געבעטן דעם אַלטן יידישן גאָט — מיט אביסל טאָלע־ראַנץ פאַר אַנדערע געטער צוגעוואָרפן, — ער זאָל מיר און מיינע קינדער העלפן און נישט לאָזן צעריסן ווערן פון אַ „לאַנד־מינע", פון אַ ראָקעט, אָדער פון אַן אַנדער טייוולישער באָמבע.

איבער לאָנדאָן האָט „געבליצט" און איך בין געלעגן אונטערן טיש, ווי אַ מענטשלעכער וואָ־רעם, און געשעפּטשעט מיט די טרוקענע ליפּן: העלף מיר גאָט; העלף אונז גאָט! איך מיין עס אויף אַן אמת: העלף מיר און מיינע קינדער.

און לאַנג זענען געווען די נעכט, אַזוי לאַנג די לאַנגע שעהן צווישן „וואָרנונג“ און „אָלל-קליר“; און אַזעלכע בליץ-נעכט האָבן מיר גע-האַט אין די הונדערטער.

*   *   *   *

און איך בין אַ מענטש, וואָס פּרואווט ראַציאָ-נעל קלערן — איך, דער איצטיקער לעסטערער, בין געלעגן ווי אַ וואָרעם אונטערן טיש, גע-ציטערט מיט מיינע אַלע אברים און געהערט ווי די פרוי און קינדער ציטערן. איך האָב געהערט ווי די קינדער האָבן זיך געפּרואווט וויצלען; און איך געדענק ווי זייערע ווערטער און ווערטלעך האָבן מיך דענערווירט, ווייל איך האָב געמוזט הערן דאָס פּלאַצן פון די באָמבעס אַרום און דאָס דונערן פון די אָפּווער-קאַנאָנען, גלייך ווי הערנדיק זיי וואָלט איך זיי קאָנטראָלירט; און הויפּטזעכלעך, ווייל איך האָב געמוזט אומאויפ-הערלעך שעפּטשען: ווי אַ ליידנשאַפטליכער האַזאַרד-שפּילער וואָס האָט אָנגעשטעלט זיין לעצט פאַרמעגן, ביי דער רולעטקע: „גאָט ועט העלפן, גאָט וועט העלפן. נאָך אַ נאַכט, נאָך אַ נאַכט, ער וועט אונז מוזן העלפן“.

מיינע אויערן האָבן געהערט און די ליפּן האָבן געשעפּטשעט, און יעדעס נערוועאישע וואָרט אָדער באַוועגונג פון די, וואָס זענען געלעגן מיט מיר אונטערן טיש, איז געווען ווי אַ פּגימה אין מיין תּפילה, וואָס צוליב איר קען זי נאָך, חלילה, נישט קומען צו גאָט.

און גאָט, ווי איר זעט, האָט געהערט, און יעדעס מאָל בין איך געקראָכן פון אונטערן טיש אַ צעבראָכענער, אַ באַליידיקטער, ווי פון אַ טונקלען, פינסטערן און „הייליקן" ממעמקים.

איך האָב זיך געשעמט פאַר זיך, פאַר די קינדער, פאַר דעם גאַנצן מענטשלעכן מין, פאַר דעם נאָמען מענטש און פאַר מיין פינסטערן, פירכטערלעכן גאָט, וועלכער איז, דאַכט זיך, אינגאַנצן געקנאָטן ווי אַ געדיכטער וואָלקן פון הייליקער בלינדקייט. און דער הייליקער וואָלקן האָט מיין תּפילה טויב און בלינד דערהערט, און אָנגעהויבן צערינען, זיך פאַרוואַנדלען אין אַן אַנדערער פאָרמלאָזיקייט.

איך האָב זיך געשעמט פאַר די קינדער, קרום געשמייכלט „נו, מענטשן" זיך געקנייטשט אינם אַלטן פאַלטאָ, אָנגעצונדן די ציוויליזירטע עלעקטריע און אויסגעלאָשן דאָס נאַכט־ליכט, וואָס

האָט געברענט אויפן אייזערנעם טיש, ווי אַ יאָר־צייט־ליכט: „טאָמער וועט מען זיך קענען ראַטעווען, זאָל נישט זיין אינגאַנצן פינסטער".

און גאָט האָט טאַקע מיר געהאָלפן — דער־לעבט דעם שיינעם שלום און איבערגעלעבט דעם טויט פון אַ זעקס־מיליאָניק פאָלק.

מיין תפילה איז דערהערט געוואָרן. פאַרוואָס זענען נישט דערהערט געוואָרן די תפילות פון די הונדערטער און טויזנטער, וואָס זענען צעריסן געוואָרן אין די בליץ־נעכט? — און פון די מי־ליאָנען פאַרברענטע און געגאַזטע יידן על קדוש־גדוף־השם?!



ד.

# דאס זיבעטל הארץ

אין יענע יאָרן, בשעת די „בליצן“, האָב איך זיך אויסגעלערנט שפּילן „פּעישענס“. מיין יונגסטע טאָכטער האָט מיר געהאַט אויסגעלערנט די שפּיל, און איך פלעג זיצן און שפּילן פּעישענס אין די לאַנגע נעכט, וואַרטנדיק אויף די וואָר־נונגען. לייענען איז געווען שווער, און עפּעס זינגלאָזעס און ליידיקעס איז געווען אפילו אין די בעסטע ביכער... פלעג איך שעהנווייז זיצן און שפּילן. וואַרפן די קאָרטן און אידיאָטיש וואַרטן; און איך ווייס נישט פאַרוואָס — כּמעט איך האָב עס געפּרואווט אַנאַליזירן אין אַ נישט־געדרוקטער דערציילונג „דאָס זיבעטל הארץ“ — איך האָב מורא געקריגן פאַרן זיבעטל הארץ. און ווען ס'איז אויסגעפאַלן צווישן די ערשטע פּאָר קאָרטן, האָב איך פון דאָס ניי געטאַשט דאָס גאַנצע פּעקל קאָרטן... עפּעס ווי דאָס זיבעטל הארץ וואָלט געווען אַן אָנזאָג אויף אַ לופט־אַטאַקע... איך האָב אי מורא געקריגן און אי פיינט געהאַט דאָס אָרימע, נישטיקע זיבעטל הארץ, און עד־היום האָב איך פיינט דאָס זיבעטל

האַרץ, וואָס זעט אויס בלייכער, אָרימער ווי די אַנדערע דריי זיבעטלעך אפילו . . .

איך האָב געגעמבלט אַלאַ פּאַסקאַל און...וואָס?

*   *   *   *

און אין יענע פינסטערע נעכט, ווען עמיצער, ווי אַ שטייגער מיין קאַטוילישער פריינט אָדער אַ מלאך פון מיין איבערגלויבן זאָגט מיר: „בעט אונטערן טיש. יעזוס וועט העלפן, די הייליקע מאַמע וועט העלפן דיר און די קינדער" — וואָלט איך זיך עס דען אָפּגעזאָגט אין מיין אַני־מאַלישער מורא? בין איך דען נישט געווען האַלב באַוואוסט טאָלעראַנט צו אַנדערע געטער, ווען איך האָב געשעפּטשעט אין אַנגסט: „גאָט וועט העלפן"?

אָדער איך וואָלט זיך אָפּגעזאָגט און גרייט גע־ווען צעריסן צו ווערן על קדוש-השם?

---

ה.

# מזוזות

**ב**יי אַכט צי ניין טירן זענען פֿאַראַן אין מיין הויז און קיין איינע פֿון זיי האָט קיין מזוזה נישט. מיין הייזל האָט קיין מזוזה נישט אויף די טירן. נו, טאַקע, וויאַזוי קלאַפּט מען עס אָן אַ מזוזה אויף אַ טיר? פֿון זינט איך האָב געהאַט אַן אייגענע טיר — אין ארץ־ישראל, אין דייטש־לאַנד, אין פֿראַנקרייך און אין ענגלאַנד אַלס אַ „לאָדזשער“ און איצט אַלס אַ הויז־אייגנטימער — איז מיר קיינמאָל אפֿילו נישט איינגעפֿאַלן צו האָבן אַזאַ זאַך ווי אַ מזוזה אויף דעם ביי־שטידל פֿון מיין טיר. און ס׳איז נישט אינגאַנצן דערפֿאַר ווייל איך בין אַזוי יונג „אויפֿגעקלערט“ געוואָרן, ווייל איך בין נאָך יונגלווייז, אין מיין טאַטע־מאַמעס הויז, אַן „אפּיקורס“ געוואָרן; און ס׳איז אויך נישט דערפֿאַר ווייל איך האָב נישט קיין זין פֿאַר פֿאָרמען, ווי דער רוב אַזוי־גערו־פֿענע אינטעליגענטן: איך בין אַ שטיקל קינסט־לער און אַ שטיקל פּאָעט, און איך האָב שטענדיק ליב געהאַט געוויסע פֿאָרמען און קולטן, און איך בין איינער פֿון דער אמאָליקער גרופּע יונגע

יידישע קינסטלער, וואָס האָבן געבענקט אין גע-
זוכט נייע נאַציאָנאַלע יידישע פאָרמען אויפן
וועג צו אַ נאַציאָנאַלער יידישער פּלאַסטיק און
אַ נייַ יידיש פאָלקס-לעבן.

* * * *

איך האָב ליב, צום ביישפּיל, דעם טלית. איך
געדענק ווי אין מיינע גוטע הונגער־יאָרן אין
פּאַריז בין איך אינספּירירט געוואָרן פון דער
אידייע, מיר יונגע יידישע קינסטלער און שריפט־
שטעלער — און די יידישע יוגנט, בכלל — זאָלן
טראָגן זיידענע טליתים אָנשטאָט שאַרפן, האַלז־
שאַלן. די פראַנצויזישע יוגנט טראָגט שאַרפן,
וועלן מיר, שטאָלצע, יונגע, נייע יידן, טראָגן
זיידענע טליתים.

איך בין שטאַרק אינספּירירט געווען פון דער
אידייע פון דער פאָרשטעלונג ווי מיר שפּאַצירן
אַרום אויף סאַן־מישעל און אויף די אַנדערע
פּאַריזער בולוואַרן מיט די זיידענע טליתימלעך
אויף די העלזער, און ווי די מאָדע צעטראָגט זיך
איבער אַלע אַנדערע שטעט איבער דער גאָרער
וועלט.

„ווער זענען עס אָט די לאָבוזעוואַטע יונגע
באָהעמיער — קענטיק קינסטלער און דיכטער

— וואָס טראָגן עס אָט די פאַרביקע פּאַסיקע שיינע שאַלן אויף די העלזער אַזוי פאַרוואָרפן איבער די אַקסל?"

„וואָס הייסט, דאָס זענען די פיינע, באַגאַבטע יידישע קינסטלער. דאָס זענען די יונגע, נייע יידן, וואָס איגנאָרירן שטאָלץ־שעפעריש־מענטש־לעך אַזעלכע זאַכן ווי גלות, אַנטיסעמיטיזם און אַזוי ווייטער".

אָבער מיין אידייע האָט זיך נישט אָנגענומען. דער נאָך יונגער שלום אַש, וועלכער האָט דאַן, דאַכט זיך, פון מיר שטאַרק געהאַלטן, האָט אָנ־געשטעלט אויף מיר זיינע אויגן. ס'איז אים קענ־טיק שטאַרק געפעלן געוואָרן מיין אידייע, אָבער ער האָט מיר אַ זאָג געטון: „טוט עס, אָבער איך קען עס נישט"! (האָט ער געמיינט דערמיט צו זאָגן, אַז ער איז שוין צו פאַראַנטוואָרטלעך גע־ווען צו זיין אַזוי וואויל־יונגעריש?)

ס'זענען געווען אַ פּאָר קאָלעגן־קינסטלער, וועלכע זענען כמעט באַגייסטערט געווען דער־פאַר, אָבער ס'איז גאָרנישט געוואָרן דערפון, ס'האָט זיך נישט אָנגענומען. איך בין נישט קיין „קרוסאיידער" און ס'איז געווען אין 1912, פאַר דער ערשטער וועלט-מלחמה, ווען ס'האָט זיך דער נאַאיווער ריינער מענטשהייט אפילו נישט

געחלומט, אַז די אייראָפּעאישע יוגנט וועט זיך אַמאָל פּוצן אין פּאָליטישע אוניפאָרמען, עמבלע־מען א.א.וו.

אָבער דאָס, וואָס איך האָב אַביסל באריכות דערציילט — ווייל מיר דוכט זיך, אַז ס'איז אינטערעסאַנט און איך האָב עס נאָך קיינמאָל אויף פּאַפּיר נישט אַרויסגעבראַכט — באַווייזט, אַז איך האָב יאָ אַ חוש פאַר פאָרמען, און איך האָב שטענדיק ליב געהאַט דעם טלית.

איך געדענק נאָך דאָס פּיקאַנט מוראדיק געפיל ווען דער טאַטע פלעגט מיך אַרונטערנעמען אונ־טער זיין טלית איבערן קאָפּ איך זאָל ניט קוקן אויף די כהנים און זייערע הענט בשעתן דוכנען. עפּעס ענליכעס האָט געמוזט פילן דאָס יונגע פאָלק ישראל ווען מען האָט עס געצוואונגען אונטערן באַרג סיני אָנצונעמען די תורה... איך האָב מורא געהאַט און דאָך האָט אַזוי געצויגן אַרויסקוקן אי ווייל מען טאָר ניט און אויך ווייל ס'איז שען געווען צו זען די כהנים אין תליתים פוןביידע זייטן ארון קודש מיט זייערע דוכן־הענט... און די אָרנאַמענטאַלע כהונה־הענט האָב איך טאַקע אין די שפּעטערע יאָרן אַסך מאָל ליב געהאַט צו צייכענען.

ו.

## „דער קאפ“ אויפן טלית...

איך וויים נישט צי איך האָב אַמאָל אָנגעטון אַ טלית אויף מיינע פּלייצעס (פון מיין היים בין איך אַוועקגעפאָרן בלויז מיט מיין יונגלשן תפלין־זעקל), אָבער אין מיינע ערשטע יאָרן אין לאָנדאָן האָב איך אין מיין צימער אויפגעהאָנגען אַ טלית אויף דער וואַנט, וואָס מיין מיידל — מיין איצטיקע פרוי — האָט פאַר מיר מסתמא פון איר טאַטן געקראָגן. (איר פאָטער האָט מסתמא געקוקט מאָדנע אויף דעם דאַרן יידישן בחור, אַ יידישער שרייבער, וואָס שלעפּט זיך אַרום מיט זיין יונגסטער טאָכטער, וועלכע זוכט פאַר אים אַ טלית נישט צום דאַווענען). כ׳האָב דאַן געגלויבט, אַז דער טלית איז דער איינציקער יידישער מלבוש.

דער טלית, האָט זיך מיר געדאַכט — און איך האָב דערמיט קאָקעטירט — זעט אוים אַזוי דעקאָראַטיוו אויף דער וואַנט... און אין דער מיט פון דעם טלית אויף דער וואַנט האָב איך, געדענק איך, געהאַט אויפגעהאָנגען לעאָנאַרדאָס קריסטוס, אין וועלכן איך בין אין יענע יאָרן

שטאַרק פאַרליבט געווען, און אַלע מיינע קעפּ־צייכנונגען פון יענער צייט זענען געווען באַאיינפלוסט פון דעם זיסלעך־טרויעריקן, ווייבלעך־מענלעכן לעאָנאַרדאָ־קאָפּ.

ס׳איז געווען יונג קאָקעטיש־ראַפינירט; יידיש קינסטלעריש מיט אַ שפּאָרער אויפריכטיקער בענקשאַפט נאָך נייע יידישע פאָרמען, וואָס האָט דאַן געהערשט ביי דעם שעפערישן טייל פון דער יידישער יוגנט. איך האָב אויך שטענדיק ליב געהאַט רייצן זיך מיט פּיקאַנטע קאָנטראַסטן ווי חנוכה־ליכטלעך אויף א ווייגאַכט־בוים; „שולמית א מאָדעלקע“; אַ פּאַריזער בולוואַר־מלכה אויף פּסח.

די פּאָעטן פון דער לאָנדאָנער איסט-ענד האָבן געמוזט רעדן און מיך באַרעדן פאַר מיין טלית אויף דער וואַנט.

אין יענע יאָרן האָב איך אָנגעשריבן אַ מין „באַדלעריש“ ליד. וואָס איך האָב פאַרשטייט זיך, אין ערגעץ נישט געדרוקט — „אחר“:

„מיט אַ זיידענעם טלית
וועל איך דיין נאַקעטן קערפּער אומהילן;
אויף דיינע גאָלדיקע ברוסטן מיין סדור
וועט ליגן,

און מיינע שטילע און זינדיקע תפילות
וועלן דיך, מיין געליבטע,
ווי מיט אַ כישוף פאַרוויגן״....

ווי איר זעט האָב איך ליב געהאַט דעם טלית
אַזוי פרום, יונג־נאַאיוו, יידיש־אפיקורסיש....

ז.

# ליכט...

„ווען דו וואָלסט זיבן זונען אויפגעהאַנגען
אין הימל״.—(ביאַליק—עם פתיחת החלון.)

און בענטש־ליכט, ליכט האָב איך שטענדיק ליב געהאַט; שבת־און יום־טוב ליכט און חנוכה־ליכטלעך.

עפּעס פּרימיטיוו־פּאַגאַנישעס, פּאַלט מיר איצט איין, איז דאָ אין מיין ליבע צו ליכט, כאָטש די ליבע האָט זיך מסתמא אָנגעהויבן מיט מיין מאָגערער מאַמעס ליכט־בענטשן אין די שווערע מעשענע לייכטער. די ליכט אויפן ווייסן טישטוך מיט זייער אָפּשפּיגלונג אינם שפּיגל האָבן רייכער און פאַרביקער געמאַכט אויסזעען די אָרימע צימערן, וואו איך האָב מיין פאַר׳-חלום׳טע קינדהייט פאַרבראַכט.

און נישט ווייניקער בין איך דאַנקבאַר געווען פאַר די וואָכעדיקע חנוכה־ליכטלעך, וואָס דער טאַטע פלעגט קלעפּן אויפן „פּאָדאָקאָניק״ אָדער אָנצינדן די קנייטלעך אין אייל אין די בלעכענע חנוכה־לעמפּלעך, ווען ער פלעגט פאַרנאַכט קור־

מען פון קלייט און אויף זיין וואָכעדיקן גרויען סיורטוק האָט מען נאָך געקענט געפינען אַ פּאָר שטרוי פונם פּאַקן און אויספּאַקן דאָס אַפּטייקאַרסקע גלאָזוואַרג.

פּאָרט ליכטלעך, פלעמעלעך, וואָס האָבן זיך געשפּילט און געציטערט אין ווינטערדיקע, פינסטערע פענסטער און גויעשע דרויסנס; חנוכה־ליכטלעך, מיט וועלכע איך בין אויך געווען באַשעפטיקט, נישט ווי מיט די פיל הייליקערע שבת און יום־טוב-ליכט.

און מיין פרוי, אין לאָנדאָן שוין, האָב איך אויסגעלערנט און איינגעוואוינט צו בענטשן ליכט אין די פיל רייכערע זילבערנע לייכטער, וואָס זי האָט געקראָגן פון איר טאַטן (מיט אַ פּאָר בעכער). און זי קען עד־היום נישט זאָגן די ברכה, וואָס איך האָב שוין אַליין אויך באַלד פאַרגעסן (מיין זכרון, וועלכער האָט שטענדיק בעסער פיקסירט און אויפגעהאַלטן שטימונגען און אַראָמאַטן ווי פאַקטן און דאַטעס, ווערט אַלץ שוואַכער).

באַזונדער, ווען די קינדערלעך האָבן אָנגעהויבן אונטערוואַקסן, האָב איך אַלץ מער און מער געוואָלט די פרוי זאָל ליכט־בענטשן, באַזונדער אין די ימים־טובים.

און ביז אַ שטיק צייט לאַנג צוריק פלעג איך אָפּהיטן אויך דאָס חנוכה־ליכט בענטשן.

„זאָלן די קינדער זען די ליכטלעך. ליכטלעך זענען שיין. וואָס דען פאַר אַ יידישע פאָרמען קען איך זיי געבן ?"

ביז דאָס האָט זיך אויך אויסגעוועפּט. נאָר אַמאָל, ווען איך מאַך אַ סדר פאַר די קינדער און פאַר אַ פּאָר פון מיינע קינסטלער־פריינט, וואָס זענען אַליין אָדער מיט קריסטלעכע ווייבער, צינדט די פרוי אָן די ליכט, קוקט אויף מיר ווי אויף אַ סידור און זאָגט קוים די ברכה...

און איך מאַך אַמאָל קידוש — אָן אַ היטל — און ס'האָט קיין טעם און קיין ריח נישט... (און אפשר זעט עס אוים פייערלעכער ווי ווען איך טו יאָ אָן מיין צעקנייטשטן קאַפּעליוש).

* * * *

דאָס גרוי־שווערע לעבן לעשט אַליץ מער און מער אָט די יום-טובדיקע קינדיש־ראָמאַנטישע ליכט. און דאָס יידישע לעבן ? — וואָס און ווער, און נאָך וואָס די בענקשאַפט נאָך נייע פאָרמען, ווען דאָס פאָלק אַליין שטאַרבט, ווערט אויסגע־ראָטן, ווען ס'איז שוין אַ פראַגע פון טויט און לעבן, ווען די פראַגע איז: וויאַזוי בלייבט מען לעבן ?

אָבער פאַר מזוזות האָב איך, דאַכט זיך, קיינ־מאָל קיין סענטימענטן נישט געהאַט. אפשר דער־פאַר ווייל די ערשטע מזוזות, וואָס איך געדענק אויף די פּאָר טירן אין אונזער אָרימער וואוינונג אין אָדעס, זענען געווען אַזעלכע קליינע, פאַר־זשאַווערטע פון ווילגאָטש און ראַסט אין די בלעכענע שיידלעך מיט טשוועקלעך אויבן און אונטן פאַרקלאַפּט. די דריי פאַרפלעקטע און צעשמאָלצענע אותיות „שדי" האָט מען קוים אַרויסגעזען פון דעם לעכל אין דעם בלעכערנעם שיידל.

שוין אַלס חדר־יונגל האָט מיר שטענדיק אויס־געקוקט פרעמד און פריקרע ווי די דערוואַקסענע מענטשן און באַזונדער דער טאַטע שטרעקן אויס די האַנט, געבן אַ ריר אָן אָט די פאַרזשאַווערטע מזוזה און לייגן צו די פינגער צו די ליפּן ערגעץ באַהאַלטן אין געדיכטע, קאָלירלאָזע וואָנצעס... ס׳איז, אפנים, גאָרנישט געווען אין דער פרומער צערעמאָניע, וואָס זאָל רעדן צו אַ פאַרחלומט יידיש קינד, וואָס האָט אָנגעהויבן קוקן מיט אָפענע פאַרוואונדערט־נייגיריקע און פאַררעט־זעטלע אויגן אויף וועלט און מענטשן אַרום. כאָטש איך האָב, מסתמא אַלס יונגל, אויך גע-פּרואווט דערלאַנגען צו דער מזוזה מיט די אויס־

געצויגענע פינגער און אין אַן „עלאָן“ פון פרומ־
קייט און דערוואַקסנקייט זי אָנרירן און קושן
די פינגער מיט אַ קוש, וואָס האָט קיין באַזונדערן
טעם נישט געהאַט. (אָדער אפשר אַ שלעכטן בײַ־
טעם און ריח?)

אויף וויפל איך געדענק, האָבן אויך די פיל
רײַכערע און שענערע מזוזות אין די שולן אויך
אויף מיר קיין באַזונדערן אײַנדרוק נישט גע־
מאַכט. דאַכט זיך, איך געדענק אַ געפלאָכטענע
מזוזה, וואָס האָט דערמאָנט אַן אַ הבדלה מיט
גרעסערע דרײַ אותיות, אָבער ווען איך פּרוביר זי
זען, זע איך אויך אין איין וועגס דעם כיור אין
שול בײַ דער טיר און דעם ס'רוב שמוציקן און
נאַסן האַנטוך נעבן כיור, אין וועלכן אַזויפיל
הענט וואָס האָבן געטאַפּט די מזוזה, האָבן זיך
געווישט.

ווי אין חלום געדענק איך ווי איינמאָל צי
צוויי מאָל האָט דער טאַטע געביטן ס'פּאַרמעט
מיט דער קריאת־שמע פון דער מזוזה און ס'איז
געווען אַזאַ רחמנות צו קוקן אויף דעם פאַר־
ווילגאָטשט פּאַרמעטל... אַן אָרים יתומל צו
קרובל פון די גרויסע און הייליקע פּאַרמעטן־
יריעות, וועלכע זענען, ווי אַלטע רבנים, געווען

אָנגעפּעלצט מיט זייד און סאַמעט און באַצירט מיט קרוינען און מיט גלעקלעך און בלעכן, און וואָס האָבן ווי „הייליקע אַרעסטאַנטן“ געוואַרט מען זאָל זיי אַ פּאָר מאָל אין יאָר אויסלופּטערן אין די משונהדיקע פּראָצעסיעס־הקפות.

דאָס אַלץ קומט מיר איצט פאָר ווי איך וואָלט עס געזען און איבערגעלעבט אין אַ פריערדיקן גלגול... אַזאַ געפיל האָב איך אויך ווען איך לייען וועגן די אַלטע מנהגים אין אינדיען און אין אַנדערע עקזאָטישע לענדער; און עד־היום האָב איך אַזאַ טוכלע געפיל, אַז דער הייליקער „גאַנגעס“ איז אַ טייך פון יידישע מקוואות און די הייליקע קי, וואָס שפּאַצירן דאָרט אַרום, זענען אונזערע רעליגיעזע פאַרוואַנדטע, קרובים.

(גאָט מיינער, רופט מען מיך צוריק אויך צו אָט דער יידישקייט ? !)



ח.

# דער כוח פון ירושה

און דאָך, דאָך, נישט קוקנדיק דערויף וואָס די מזוזות זענען מיר פרעמד און איך האָב קיינמאָל אויף מיין שוועל נישט געהאַט קיין מזוזה און ס'איז מיר, אַלס אויפגעקלערטן, ראַציאָנעל־דענקענדיקן מענטשן, נישט איינגעפאַלן אפילו צו האָבן אַ מזוזה, בין איך דאָך אינגאַנצן נישט אַנטלאָפן פון דער מזוזה; אָדער ריכטיקער, אָט די קליינע בלעכענע מזוזה איז מיר נאָכגעלאָפן, האָט זיך אַזוי ראַפינירט־אַטאַוויסטיש אַריינגעגנבעט צו מיר אין הויז, אין מיין מער־ווייניקער באַוואוסטזיניק און אויפגעקלערט לעבן.

אייגנטלעך האָב איך זיך אַריינגעלאָזט אין מיינע קינדהייט־זכרונות וועגן מזוזות, כדי צו באַווייזן — אויב עס דאַרף נאָך באַוויזן ווערן — ווי מען קען נישט אַנטלויפן פון ירושה, ווי מיר זענען אַלע איינגעטונקען אין ירושות: פאַרלאָזט זי, דיר דאַכט זיך, אַז דו האָסט זיך אינגאַנצן באַפרייט פון אַן איבעריקער, נישט שיינער און גאָרנישט נייטיקער ירושה און פּלוצלונג כאַפּסטו זיך, אַז דו טראָגסט זיך אַרום מיט איר אין אַן

אַנדער פאָרם. האָסט זי אַריינגעוואָרפן אין אַ מיסט־קאַסטן און פּלוצלונג דערזעסטו די ירושה אויף דיין מזרח־וואַנט אָדער צוקאָפּנס פון בעט.

די פּאָר „מאָדערנע" פריינט מיינע, וואָס האָבן געהאַט מזוזות אָדער האָבן, לעצטנס אין דער תשובה־כוואַליע, אָנגעקלאַפּט שיינע, מאָדערנע, מער לייטיש אויסקוקנדיקע מזוזות, (ווי די מזוזות אַליין וואָלטן זיך אויך געפּרואווט „אַסימילירן") דאַרפן זיך נישט פילן אַזוי אַפּאָלאָגעטיש (אין די בליץ־יאָרן האָבן אַ סך קריסטלעכע מיידלעך, אפילו שיינע, אָנגעהויבן טראָגן גאָלדענע צלמ־לעך אויף די העלזער; אויך יידישע מיידלעך האָבן אָנגעטון קמיעות אין גילדענע שיידעלעך מיט מגן־דוד׳לעך: ווי עס קריסטלט זיך, אַזוי יידלט זיך). איך בין שולדיקער און שוואַכער פון אייך. איך האָב נישט קיין מזוזות אויף מיינע טירן, אָבער דערפאַר האָב איך תנ"כ׳לעך, ביבלען אין מיין הויז, כמעט אַזויפיל תנ"כ׳לעך וויפיל טירן איך האָב.

פאַר דער וועלט, פאַר דער עפנטלעכקייט — יידישער און נישט יידישער — איז מיין שוועל גלייך מיט אַלע שוועלן — פאַרוואָס זאָל מיין טיר זיין אַנדערש פון אַנדערע טירן?

בין איך נישט קיין מאָדערנער מער־ווייניקער שכלדיקער מענטש? וואָלט איך אויפגעהאָנגען א פּאָדקאָווע אויף מיין שוועל און איז נישט אַ... (איך האַלט זיך איין נישט צו זאָגן להבדיל) מזוזה אַזאַ איבערגלויבן ווי אַ פּאָדקאָווע אָדער ווי אַ זיבעטל הארץ? וואָלטן אַזעלכע, ווי איך, אינטעליגענטע קריסטן אויפגעהאנגען אויף זייערע טירן צלמים, ווען זיי האָבן אַזאַ דין צי אַזאַ מנהג? אָדער אפשר טאַקע יאָ. נאָר מיט נייע אויסטייטשונגען?

עפּעס געדענקט זיך ווי פּראוואָסלאַוונע קריסטן פלעגן אויסשטעלן צלמים און איקאָנעס אויף די טירן און די פענסטער אין דער צייט פון די צאַריסטישע פּאָגראָמען אויף יידן.

איך האָב נישט קיין מזוזות, אָבער דערפאַר האָב איך תנ״כ׳לעך אין מיין הויז; דערפאַר, ווייל איך האָב נישט קיין מזוזות און נישט ווייל איך בין אַ ביבל־פאָרשער, אַ תנ״ך־לערנער.

ליידער בין איך ווייט פון צו קענען גוט צי אפילו מיטלמעסיק גוט דעם תנ״ך. (ס׳איז מיין פוילקייט און מיין נישט גרינטלעכקייט און נישט־סיסטעמאַטישקייט אויף קיין געביט. איך קען גאָרנישט פאַכמעניש מער־ווייניקער גוט. א

געבוירענער דילעטאַנט אפשר מיט אַ נשמה —
אַ טעמפעראַמענט — פון אַ צופעליקן, נישט־
זיכערן גאַסט אין לעבן...)

ווי אַן אינטעליגענטער מענטש און אַ יידישער שרייבער דערצו וואָלט איך זיכער געהאַט סאַי ווי אַ תנ״ך (וואו איך זוך עד־היום אַמאָל אַן אויסלייגעכץ, אַמאָל אַ שטעלע א.א.וו.). אָבער איך ווייס, אַז איך האָב תנכ״ן אין מיין נישט־יידיש־פרומער שטוב צוליב דער כוונה, צוליב דער מיסטישער מיסיע, וואָס דער תנ״ך פירט אויס אין מיין שטוב, אין מיין הויז־געזינד:

דער תנ״ך האָט פאַרנומען דעם פלאַץ פון דער מזוזה. איך האָב זיך אַזוי ראַציאָנעל אָפּגעזאָגט פון דער מזוזה און, ווילנדיק נישט־ווילנדיק נישט־באַוואוסטזיניק, געלאָזט דעם תנ״ך היטן מיין הויז פון שדים, פון אָנשיקענישן און מיינע קינדער — פון קראַנקהייטן.

היפּאָקריטישקייט, פּחדנות, נערוועץ? און מער פון אַלעם אפשר טאַקע דער כוח פון ירושה.

די ירושה, וואָס איך האָב אַזוי „העלדיש" אַרויסגעטריבן האָט זיך אַריינגעגנבעט אַזוי פּסי־כאָלאָגיש־ראַפינירט און אַזוי נישט־זעעוודיק טאַטאַל.

„אַ טלית, וואָס איז אינגאַנצן פון תכלת, דאַרף נישט קיין ציצית און אַ הויז, וואָס איז פול מיט תנכ"ן דאַרף נישט קיין מזוזות"....

איך האָב פאַרדייעט די גאַנצע ביבל־קריטיק, מיט וועלכער איך האָב זיך באַקאַנט. איך בין קיינמאָל נישט געווען קעגן דעם, אַז מיינע קינדער זאָלן באַזוכן די שעהן פון נייעם טעם־טאַמענט אין זייערע שולעס. איך רעד פון דער וואונדערבאַרער פּאָעזיע אין תנ"ך, וועגן זיינע אוצרות־פּאָלקלאָר, פּרימיטיווער קונסט, וועגן דער גרעסטער ליטעראַרישער אַנטאָלאָגיע. איך קען לאַכן און זיין קריטיש צו די צוויי ביבלישע נאַצים, שמעון ולוי, פון דריי טויזנט יאָר צוריק, וועלכע לאָזן זיך אויף אַלע איינ־וואוינער פון שכם און באַפאַלן זיי און הרגענען זיי אַלע אויס, ווען זייערע שמערצן זענען געווען גענוג גרויס. און אַז אָט דער זעלבער תנ"ך שפּילט ביי מיר אויך די ראָלע פון אַ מזוזה, אַ קמיע, זאָג איך קיינעם נישט אויס... כאָטש מיינע קינדער הויבן לעצטנס אָן חושד צו זיין און גיבן אָן קאָמענטאַרן נאָך מיין שוואַכקייט... אפשר קוקן זיי דערויף ווי אויף אַ סימן פון עלטער?

* * * *

אויף מיין גלעזערנער שאַפע, וואו איך האַלט מיינע בעסטע ביכער, ליגט אַ גרויסער דאַרע־אילוסטרירטער דאָן־קיכאָט (אַ געבורטסטאָג־מתנה פון אַ יידישן דיכטער צו מיין יונגסטער טאָכטער); אויפן דאָן־קיכאָט — נאָך אַ פּאָר ביכער און סאַמע אויבן — דער קליינער אין לעדער געבונדענער העברייאישער תנ"ך; אויף מיין שרייב־טיש — אַ תנ"כל. אויפן טישל נעבן בעט — אַ תנ"כל.

שטענדיק איז ער אויבן און שטענדיק אויף דער ריכטיקער לינקער זייט. ווען איך באַמערק ווי ער ליגט אויף דער נישט־ריכטיקער זייט, ווי אַ „גוישער ספר", מעג עס זיין אַ שעקספּיר, אַ האָמער, צי אפילו די ענגלישע ביבל, מוז איך גלייך איבערקערן, גלייך, גלייך ווי די „מזוזה" וואָלט געקענט פּסול ווערן....

דער כוח פון ירושה.



ט.

# מיין מלחמה מיטן זיידן

איך פלעג זיך מיט מיין קליינטשיקן אלטיטש־קען זיידן קריגן, „מלחמה האלטן" אין מיין היים אין אָדעס, ווען איך בין נאָך גאָר יונג געווען... אין דער איינציקער שיינער שטוב, וואָס מיר האָבן געהאַט, איז געשטאַנען אַן עטאַ־זשערקע מיט ספרים און ביכער.

דעם זיידן און טאַטנס ספרים און מיינע ביכער אָדער ביכלעך, ווי זיי פלעגן עס פאַרעכטלעך רופן.

איבער דער עטאַזשערקע איז געהאָנגען אַ גע־נעראַל מיט אַ לאַנגער באָרד און אַ מעשענעם פאַנצער, וואָס איך האָב פון ערגעץ קאָפּירט און פאַרגרעסערט. מיין מאַמע, געדענק איך, איז גע־ווען שטאָלץ מיט אָט דער „כודאָזשעסטווענער" אַרבעט מיינער. באַזונדער מיט די אויגן פון דעם אַלטן גענעראַל „זע, זע, ער קוקט דיר טאַקע נאָך וואו דו זאָלסט זיך נישט געפינען אין שטוב".

איך געדענק ווי איך האָב אַמאָל אויף דער וואַנט איבער דער עטאַזשערקע אויפגעהאָנגען

אַ רעפּראָדוקציע פון אַ ווענוס. געדענק איך ווי איך האָב אַמאָל געפונען, אַז דער אַלטיטשקער זיידע מיינער שטייט און קוקט זיך איין שטאַרק דורך זיינע שפּאַקולן אויף דער ווענוס. ער האָט געקוקט און געקוקט אויף דער נאַקעטער ווענוס, אַ קנייטש געטון מיט די אַקסל און אַוועק־געגאַנגען.

איך בין זיכער, אַז ער האָט נישט געוואוסט וואָס דאָס איז און אַז ער וואָלט געגלויבט, ווען מען זאָגט אים, אַז ס׳איז אַזאַ פיש....

דאָ דערמאָנט זיך די פּסיכאָלאָגיש אינטערע־סאַנטע צוואה פון אַ צדיק (איך געדענק איצט נישט זיין נאָמען) אין וועלכער ער האָט זיך מתנצל געווען פאַר זיינע קינדער פאַר וואָס ער האָט זיי קיינמאָל נישט געקושט: „ווייל אין דעם קושן פון קינדער איז דאָ עולם הזה" (סענסואַליזם); און אַז ער האָט שטענדיק אויס־געטאָן די זאָקן אונטער דער קאָלדרע, ווייל ער האָט נישט געוואָלט גאָט „וועלכער איז שטענדיג געווען פאַר אים", זאָל זען זיין נאַקעטקייט....

טאָ וואָס פאַראַ אַנונג פון אַ מענטשליכן קער־פּער האָבן אונזערע אַמאָליקע „פּוריטאַנער" און „קוויייקערס" געקאָנט האָבן... און דאָך איז אויך געזאָגט געוואָרן „מבשרי אחזה אלהים".

אויף דער וואַנט איבער דער עטאַזשערקע האָב איך, אַ יונגל וואָס האָט געחלומט צו ווערן אַ כודאָזשניק און געשריבן לידלעך אין רוסיש און יידיש, אומגעשטערט געהערשט.

אָבער אויף דער עטאַזשערקע גופא איז שטענ־דיק געווען קריגס־צושטאַנד צווישן דעם זיידנס און דעם טאַטנס ספרים און מיינע אפיקורסישע און זשאַרגאָנישע ביכלעך.

מיין זיידע פלעגט נישט קענען ליידן ווען איך פלעג מיינע שמאַטעס אַרויפלייגן אויף זיינע גרויסע חומשים, משניות און מדרשים. און ווען איך פלעג קומען אהיים, פלעג איך געפינען מיינע ביכלעך אויף דער ערד נעבן דער עטאַזשערקע. איך פלעג, נאַטירלעך, אויך אין הייליקן צאָרן צוריק אַרויפלייגן מיינע ביכלעך אויף די דיקע משניות און מדרשים, אַרומווישנדיק מיט מחילה זייערע טאָוולען; באַווייזנדיק דער מאַמען, וועלכע האָט מיך אַממייסטן און מיט ליבשאַפט געהערט (כאָטש זי האָט געהאַלטן, אַז דער טאַטע איז גערעכט און איך דאַרף, ווי דער טאַטע זאָגט, אָנמעסטן מיינע תפלין צו זען צי מיין קאָפּ איז געוואָרן גרעסער...), אַז מיינע ביכלעך זענען גרויס, אפשר גרעסער א.א.וו.

„זע, זע, דאָס איז טאָלסטאָי, אַ גראַף ... און דאָס איז גאָרקי, אַ געוועזענער באָסיאַק, וועלכער איז איצט אַזוי באַרימט ווי טאָלסטאָי. און דאָס איז „די קליאַטשע" פון מענדעלע מוכר ספרים, און דאָס איז באָגדאַנאָוום פּאָליטישע עקאָנאָמיע, און מאָפּאַסאַן — אַ פראַנצויז ... און דאָ פון טשעכאָוו. וואָס הייסט ? און נאָך אַזעלכע גרויסע פילאָזאָפן און פּאָעטן זאָל מען וואַרפן אויף דער ערד". און איך האָב זיי גלייך צוריקגעלייגט זיגע־ריש אויפן זיידנס ספרים אויף דער אויבערשטער פּאָליצע פון דער עטאַזשערקע. ביז דער זיידע איז ווידער געקומען און אַראָפּגעוואָרפן מיינע שמאַ־טעדיקע ביכלעך, צו וועלכע ער האָט זיך אַזש נישט געוואָלט צורירן, אויף דער ערד.

און אַזוי איז די כראָנישע מלחמה אָנגעגאַנגען אַזוי לאַנג ווי דער זיידע האָט געלעבט ביז איך — דוקא דער אפיקורס — בין אַוועקגעפאָרן קיין א"י לערנען קונסט אין בצלאל.

און איצט ? — דער כוח פון ירושה ; דער זיידע האָט געזיגט ; ער האָט געוואונען די „מלחמה". איר וועט אין מיין הויז קיינמאָל נישט געפינען וועלכע ס'איז ספרים חצונים זאָלן ליגן אויף אַ ביבל, נישט בלויז צוליב ליטעראַטור־

קריטישע, אַזוי צו זאָגן, אַנשויאונגען. אַ שעקס־פּירן, אַ דאַן קיכאָט וועל איך אויף גיך, ווייסנדיק גאַנץ גוט,. אַז ס׳איז נאַריש, אַז ס׳איז אַ נאַטיר־לעכע שוואַכקייט, צוגיין און אַראָפּנעמען זיי פון תנ״ך.

אפילו אַן ענגלישן תנ״ך גיב איך דעם „אויבנ־אָן״; נאָך דעם העברעאישן, פאַרשטייט זיך.

און נישט נאָר איך, נאָר אפילו מיין פרוי און קינדער האָבן קענטיק אָט די שוואַכקייט מיינע באַמערקט און וועלן באַוואוסטזיניק נישט אַרויפ־לייגן אַנדערע ספרים צי ביכער אויף מיינע תנ״כ׳ן, כאָטש זיי פאַרגעסן עס אָפּט; און באַ־זונדער די פרוי, ווען זי איז שטאַרק פאַרנומען מיטן רוימען. איך האָב זיי דאָס נישט געזאָגט, כאָטש עס קאָן זיין, אַז איך האָב זיי יאָ אַמאָל דערציילט פון מיין קינדישער מלחמה מיטן זיידן. איך וואָלט זיך געשעמט זיי הייסן נאָכטון אַזאַ נישט־ראַציאָנעלע זאַך. אָבער זיי האָבן עס באַ־מערקט, אינטואיטיוו, ווי קינדער באַמערקן גע־ווייסע שוואַכקייטן, אידיאָסינקריסן פון זייערע עלטערן.

זיי האַלטן זיך נישט רעוואָלוציאָנערער, פרייער פון מיר און איך — נישט קאָנסערוואַטי־ווער פון זיי.

איך האָב זיי קיינמאָל קיין גאָט נישט געגעבן, פשוט ווייל איך ווייס נישט וויאַזוי מען טוט עס, און וויאַזוי מען קען אויפריכטיק, נישט נאַרנדיק זיך און זיי, רעדן מיט יונגע קינדער פון אַ גאָט. האָבן זיי עס מסתמא דערשפּירט ווי דעם טאַטנס אַ שוואַכקייט.

* * * *

די ביבל איז געווען מיין פּעטיש, מיין קמיעה. איך ווייס, אַז דאָס איז איינער פון די פּאָר גרעסטע ביכער. איך וועל זיך אוודאי נישט שפּאַרן, נישט זייענדיק באַרופן דערויף, ווען מען וועט מיר זאָגן — דער גרעסטער ספר. און נישט קוקנדיק דערויף איז עס ביי מיר הייליק, ירושה־הייליק, אַטאַוויסטיש הייליק. די קללה פון ירושה מאַכט פון אַזאַ גרויס בוך אַ פּעטיש, אַ מזוזה. דאָס איז פּסיכישע און גייסטיקע נעוראַטיק.

און קומט דאָס איינענע נישט פּאָר מיט פּעל־קער? און איז די תורה, די ביבל, ביים יידישן פאָלק נישט געוואָרן אַזאַ גרויסע במקום מזוזה — נישט הייז גלויבן, נאָר אַן איבערגלויבן — מיט וועלכער עס שלעפּט זיך אַרום פון גלות צו גלות, פון קולטור צו קולטור, מדחי אל דחי....
וויפיל יידן קענען דעם תנ"ך? וויפיל מענטשן

קענען דעם תנ"ך? נאָר ביים יידישן פאָלק איז די תורה געוואָרן אַ גרויסע מזוזה; און דאָס פאָלק שטאַרבט מיט דער מזוזה צוקאָפּנס.

און אפשר אַ דאַנק דער מזוזה?

* * * *

די ביבל איז געלעגן אויף מיין מאָריסאָן־טיש און געזאָלט זיין אַ מין קמיעה.

וואוהין איך בין נישט אַנטלאָפן פון די באָמ־בעס איבער לאָנדאָן — קיין וויילס, סאַרי, בעד־פאָרד, ברעדפאָרד, לידז — האָב איך מיטגע־נומען אין מיין קליינער וואַליזקע, וואו איך האָב געהאַלטן מיינע לעצטע מאַנוסקריפּטן, די לעצטע העפט פון מיין מלחמה־טאָגבוך און די אָפיציעלע פּאַפּירן, ווי אַ באַזונדער אוצר און שמירה מיין קליין תנ"כל (און פאַרשטייט זיך, ווי אַ גוטער טאָטע, איבערגעלאָזט מיט די געבליבענע קינדער אין מיין לאָנדאָנער היים — ווען זיי האָבן נישט געקענט צי נישט געוואָלט מיטפאָרן — אַ פּאָר תנ"כלעך, אַז זיי זאָלן זיי היטן פון באָמבעס ווען איך און מיינע פחדנותדיקע תפילות וועלן מיט זיי נישט זיין).

אָפיציעל, לפנים, האָט עס פאַר מיר געהייסן: די ביבל איז מיין רעפרענס־בוך. איך האַלט נישט פון ווערטער־ביכער און ענציקלאָפּעדיעס, און דאַרף איך אַ וואָרט, אַ שטעלע, בלעטער איך לאַנג און לאַנג אין תנ"כל ביז איך געפין עס ס'רוב נישט....

עס פעלט נישט דער עלעמענט פון פּאָזע און קאָקעטישקייט מיט דער ביבל: „אָט זעט, עס ליגט ביי מיר אויבנאָן, איך פאָר אין ערגעץ נישט אָן דעם תנ"ך, ווייל איך בין אַ יידישער שרייבער אַ יודע ספר, הייסט עס; און זאָלן מיינע אולטראַ - נאַציאָנאַליסטישע און ציוניסטישע פריינט זעען, אַז איך בין נישט אַזאַ געפערלעכער „קאָמוניסט און אפיקורס". אָבער ביי זיך, טיף אין האַרצן, ווייס איך, אַז איך נעם מיט דעם תנ"ך ווי אַ קמיעה, ווי אַ מזוזה: די באָמבעס אָדער אַנדערע אָנשיקענישן זאָלן מיר נישט נאָכ־לויפן.

איז נישט געווען אַ פאַל בשעת דער ערשטער וועלט־מלחמה, צו אין דער לעצטער — בשעת אַזעלכע ריזיקע מלחמות מיט מיליאָנען קרבנות מוזן זיך נאַטירלעך טרעפן אַזעלכע „געטליכע" און גליקליכע פאַלן — ווען אַ סאָלדאַט איז גע־

ראַטעוועט געוואָרן, פון טויט ווייל דעם שונאס קויל האָט זיך אָנגעשלאָגן אין דער ביבעל וואָס ער האָט שטענדיק געטראָגן מיט זיך אויפן האַרצן אין זיין בוזעם קעשענע.

און עס קאָן גרייליך זיין אַז אָט דער „נס מיט דער ביבעל" האָט געאַרבעט אין מיין „אונטער־באַוואוסטזיין" און אויך גורם געווען איך זאָל מיין תנ"ך פאַרוואַנדלען אין אַ קמיעה אָדער אַ מזוזה?....

אגב, קען איך זיך בשום אופן ניט דערמאָנען צו אין מיינע פאַריזער יאָרן נאָך פאַר די וועלט מלחמות, ווען איך האָב פלוצלונג אָנגעהויבן מורא האָבן פאַר ווילדע חיות, לייבן און טיגרען זאָלן נישט אַריינשפּרינגען צו מיר ביינאַכט דורך די אַטעליע פענסטער (איך האָב דאַן געוואוינט אין „לארוש") אָנגעהויבן שוין קוקן אויפן מיין איינציקן תנ"כל ווי אויף אַ קמיעה... די מורא פאַר חיות — מן הסתם אַ רעזולטאַט פון אַ נישט נאָרמאַל, באָהעמיש לעבן — איז געווען ביי מיר אַזוי שטאַרק אַז איך פלעג זיך ניט שעמען בעטן חברים קינסטלער מיט מיר שלאָפן.

און אין לאָנדאָן שוין, ווען מיינע קינדער זיינען גאָר יונג געווען און די מורא פאַר ווילדע

חיות איז ביי מיר פאַרשוואונדן און זיך פאַר־ביטן אַ שטיקל צייט אויף אַ מורא פאַר ערד־ציטערנישן גאָר (אין אָדעס און אין מינכען האָב איך איבערגעלעבט לייכטע ערדציטערנישן) גע־דענק איך אויך נישט צו איך האָב זיך אָנ־געהויבן פאַרלאָזן די תנ"כן זאָלן מיך און מיינע קליינע קינדער פון זיי אויסהיטן....

איך דאַרף אינדעראמתן בעטן מחילה פון אַזאַ גרויסן ספר, פאַרוואָס איך האָב אים פאַרוואַנדלט אין אַ דראַג, אין אַן אָפּיום פאַר מיינע נערוועז, און זיך שעמען פאַר מיין אייגענער פחדנות, פאַר מיין פרימיטיוו־אַנימאַלישער מורא פאַרן לעבן און די בלינדע כחות פון דער נאַטור. און אפשר דאַרפן מיר עס טון אויך אַלס אַ פאָלק ?!



י.

# יתגדל ויתקדש

מיין העברעאיש תנ"כל—אַ לאָנדאָנער אויסגאַ־
בע—האָב איך זינט איך האָב פון ירושלים
איבערגעוואַנדערט קיין מינכען און פון מינכען
קיין פּאַריז, און איז איצט מיט מיר שוין איבער
דרייסיק יאָר אין לאָנדאָן — אַ היטער פון מיינע
שלאָף־צימערן.

ווי אַזוי דאָס תנ"כל האָט מיט מיר דורכגע־
מאַכט אָט די אַלע באָהעמיש־קינסטלערישע יאָרן
— לאַנגע גלותן — און נישט פאַרלוירן געוואָרן
איז טאַקע אַ וואונדער. וואָס אַ מיסטיקער וואָלט
אין דעם געקענט געפינען אַ צייכן פון הימל
אָדער אַ מין באַזונדערע השגחה.

דעם תנ"ך האָט מיר אין ירושלים געשענקט
אַ מיידל אַ בת־עיר. דאַכט זיך זי איז געווען אַ
גננת אין ירושלים. מיט יאָרן שפּעטער האָב איך
זי געטראָפן גאָר אין באַרצעלאָנאַ, וואו איך בין
געווען דער יידישער דעלעגאַט צום פּען־קאָנגרעס,
שוין אַ פאַרהייראַטע פרוי און מוטער פון אַן
אַכצן צי זיבעצן יאָריקן זון. וועלכער האָט מיך

דערנאָך באַגלייט קיין מאַדריד ווי אַ מין דאָלמע-טשער אָדער קאָמפּאַניאָן. . . .

מיט איר בין איך נישט געווען אַזוי באַפּריינ־דעט אין מיינע ירושלימער יאָרן ווי מיט איר יונגערער שוועסטער — אַ פּולבלוטיק מיידל מיט אַ רובענס קערפּער. עס האָט פון איר געשפּריצט בלוט און מילך. זי איז געווען אַ פלעגערין אינם יידישן שפּיטאָל אין מאה שערים, און צו איר אין שפּיטאָל פלעג איך, אַ יונגער צובאַלעוועטער בצלאל׳ניק וואָס האָט אויך געדרוקט דערציילונ־גען אין „הפועל הצעיר“, אָפּט קומען טרינקען אַראַבישע קאַווע און פאַרברענגען. . . איך גע־דענק גוט איר צימערל (איך האָב עס באַשריבן אין מיין שוואַכער דערציילונג „בין קודש לחול“): פון איר פענסטער האָט מען געזען די פלאַכע דעכער פון די פרענקישע הייזער, אויף וועלכע עס פלעגן אַרומהאָפּסלען ציגעלעך און אין פריי־טאָג נאָכמיטאָגס פלעגן פרענקען אין פעסקעס זינגען שיר־השירים. און דעם אָמאַר מעטשעט האָט מען אַרויסגעזען פון איר פענסטער און דאָס אָרט, וואָס איז אַמאָל געווען די אזהרה...

און זי פלעגט אַזוי פּול־האַלזיק און ליידנ-שאַפטלעך לאַכן.

בלאָנד איז זי געווען, רויטע באַקן און זי פלעגט לאַכן, לאַכן. און די פרענקישע געזאַנגען פון שיר־השירים אין דער הייסער לופט... און פון איר פענסטער האָב איך אויך אַרויסגעזעען די אויבערשטע שורות שטיינער פון דער כותל מערבי. איך בין דאַן גאָר יונג געווען און עס האָט מיך שוין געצויגן קיין איראָפּע....

ווען איך בין שוין געווען אין איראָפּע, האָב איך זיך דערוואוסט, אַז די מיט בלוט און מילך שפּריצנדיקע יונגע פרוי איז געשטאָרבן.

פון וואָס און וויאַזוי? אַזוי געזונט און פול מיט לעבן און ווייבלעכקייט, געשטאָרבן! און איר עלטערע שוועסטער, הייסט עס, וועלכע איז ווייט נישט געווען אַזוי ווייבלעך־פּיקאַנט און רייצנד, האָט עס מיר געגעבן דעם תנ"ך.

פון איר גורל אין באַרצעלאָנאַ ווייס איך אויך גאָרנישט. וויאַזוי האָבן זיי, זי, איר מאַן און זון, איבערגעלעבט דעם בירגער־קריג, פראַנקאָס זיג און די לאַנגע יאָרן פון דער צווייטער וועלט־מלחמה? זענען זיי נאָך אין שפּאַניען אָדער האָבן זיי זיך אַרויסגעראַטעוועט צוריק קיין א"י אָדער קיין אַמעריקע?

אָבער איר תנ"ך האָב איך נאָך.

אָט ליגט ער איצט פאַר מיר. איך האָב אים אומיסנע אַראָפּגעבראַכט פון מיין שלאָף־צימער, וואו ער ליגט שטענדיק אויפן טישל ביים בעט אויבן איבער עטלעכע אַנדערע ביכער.

„הבל הבלים אמר קהלת,
„הבל הבלים, הכל הבל"....

האָט זי אָנגעשריבן אויפן ערשטן ליידיקן בלעטל פונם תנ"ך מיט איר קיילעכדיקער מיידל־שער האַנטשריפט און — ירושלים, י"א אייר, תרס"ח.

וויל איך זיך איצט ווידער איבערגלויביק איינ־רעדן, אַז דאָס, וואָס איך האָב איצט, דרך אגב, אָנגעשריבן אין מיין בוך פון לעסטערונגען, איז אַ מין קדיש — אַ אמתער קדיש — צום אָנ־דענקען פון איר שוועסטערס פולבלוטיקן און פולהאַלזיקן געלעכטער.

* * * *

קענענדיק, אפנים, מיין שוואַכקייט צו תנ"כ'־לעך, האָט מיין עלטסטע טאָכטער פאַראיאָרן (1945) מיר געגעבן אַ געבורטסטאָג־מתנה, אַן ענגליש תנ"כל מיטן נייעם טעסטאַמענט, און אויפן שער־בלאַט האָט זי אויפגעשריבן אַן אויס־צוג פון מאַרלאָוס „ייד פון מאַלטאַ":

"I count religion but a childish toy.
And hold there is no sin but ignorance."

איז עס נישט ריכטיק, אויף ווי ווייט מען קען אויף עפּעס זאָגן, אַז ס'איז ריכטיק ?

שוין איבער צוויי טויזנט יאָר ווי אונזער פאָלק האָט זיך פּרימיטיוו־קינדיש געשפּילט מיט דער צאַצקע, און איצט ? אונזער פאָלק איז נאָך קיינמאָל נישט געוועזן אַזוי נאָנט צו אונטער־גאַנג — איז נישט צייט איצט אויסצוואַקסן און זאָגן דעם אמת ?



יא.

# מיין יידישקייט

איך האָב ליב הלל'ן — אַט דעם פיינעם מענטשלעכן, רעליגיעזן הומאַניסט; אַט דעם גייסט־ און לייב־ברודער פון אַלע גרויסע הומאַ־ניסטן אין אַלע רעליגיעס. ווען מען פרעגט מיך צי איך קען איבערגעבן די תורה־כולה אויף איין פוס, וואָלט איך געזאָגט: ווער אַן אריינגייער אין הללס הויז, און אַלע אַנדערע דינים, קרבנות, שליחות, מיסטעריעס און אתה־בחרתנו־עטיק וואָלט איך דיר איננאַנצן מוחל געווען.

איך האָב ליב רות — פאַר מיר איז דאָס אַ קאַפּיטל פון אַן אוטאָפּיע, אַ מענטשלעכע נישט צו אידעאַלע און נישט צו אוטאָפּישע אוטאָפּיע — מיט אַ הונגער אין לאַנד, מיט זון און דאָרשט, מיט פרומע שניטערקעס און פעלדער־פּאה, מיט [illegible]

אַ מענטשלעכן בועז און מיט אַזעלכע שטילע ווייבלעכע פרויען ווי נעמי און רות. (איך האָב אַמאָל אָפּגעדרוקט אַן עסיי „רות“ — אַן אוטאָ־פּיע־מאָטיוו).

איך האָב ליב דאָס תנ"כישע בילד פונם קליי־נעם שמואל, וואָס האָדעוועט זיך אין משכן ביים אַלטן, בלינדן כהן־גדול, ווי אַ יונג לייבעלע ביים אַ אַלטן „אוקראַטיטעל". (ווילדע חיות צוימער).

„נישט איך, גאָט האָט דיך גערופן, מיין קינד".

פאַר מיר האָט שטענדיק אַזאַ פינסטערן סאַ־מעט־צויבער געהאַט דער ווילד־פּרימיטיווער, מאָטיוו, ווי אַלישע שעלט די קינדער, וואָס לאַכן פון אים: „קורח", „קורח", און בערן קומען אַרויס פון וואַלד און עסן אויף די קינדער.

דער עקסטרעמיזם פון נבואה און אַבסאָלוטער גערעכטיקייט: און „דעם מענטשנס האַרץ איז שלעכט פון דער יוגנט אָן".

איך האָב ליב דאָס יידישע פאָלקס־ליד, וואָס שמעקט מיט תמימות, מיט ריח השדה, מיט צניעותדיקער נישט־אויסגעלאָסענער מענטשלע־כער ליבע — עס דופט פון זיי מיט אַזאַ בענק־שאַפט נאָך נאַטור, באָדן און פרילינג־ווינטן רוישן אין יונג און פריש באַבלעטערטע בוימער, און פאַרשעמטע מיידלעך לויפן באָרוועסע אויף קיל-וואַרעמע נייע גראָז־טעפּיכער. דאָס יידישע פאָלקס־ליד, וואָס מאַכט אונז אַזוי גלייך צו אַלע ערדיש־הימלישע פעלקער פון דער ערד.

און איך האָב ליב די יידישע מאָדערנע ליטע־ראַטור ביז צו די לעצטע נעאָ־ראָמאַנטיקער און בעלי־תשובה׳ מיט זייערע קדושים, צדיקים און מאַרטירער, פון וועלכע עס שטינקט און עס שלאָגט צום האַרצן מיט אַלטן טוכלען בוימאייל און פאַלשע, אויסגעקוועטשטע תפילות און פראָסטיטואירטער קדושה.

איך האָב ליב די מאָדערנע יידישע (און העב־רעאישע) ליטעראַטור צוליב איר „גויעשקייט" (ניט אַסימילאַטאָרישקייט וואָס איז כאַראַקטע־ריסטיש יידיש און איז געוואָרן אַ מין „יידיש־קייט") : מענדעלע מוכר ספרים, שלום עליכם, ביאַליק, טשערניכאָווסקי, ווייסענבערג, מ. ל. האַלפּערן און נאָך אַ פּאָר אפשר זיינען בעסערע גויים און געזונטערע מענטשן ווי די גאַנץ צו האַלב אַסימילירטע יידן שרייבער אין נישט יידישע, פרעמדע שפּראַכן, וועלכע שטינקען מיט יידישקייט אין זייער אַפּאָלאָגעטישן מיסיאָניזם און אפילו ווען זיי פאַרלייקענען און פאַרשווייגן אינגאַנצן זייער אָפּשטאַם.

און טשערניכאָווסקי — דער „גויעשסטער" צווישן אונזערע נאַציאָנאַל שפּראַכיקע דיכטער — איז אפשר דער געזונטסטער און נאָרמאַל־

סטער מענטש צווישן אונזערע שרייבער און דיכטער.

ביז לעצטנס האָט אונזער ליטעראַטור געאָטעמט אַזוי פריי, געלאַכט, געוועז זעלבסט־קריטיש — וואָס איז אפשר דאָס שענסטע און מענטשלעכסטע אינם מענטשלעכן מין און די לעבעדיקע נשמה פון אַלע ליטעראַטורן.

אַ פאָלק פון זעקס מיליאָן איז אויסגעריסן געוואָרן, האָט אונזער פאָלקס־שפּראַך געקראָגן דעם לעצטן טויט־קלאַפּ. און דער אַלטער יידישער גאָט, דער באַשאַפער פון אַלע מענטשן און נאַציס און פון אַלע באַשעפענישן און ווידמעכצן — צי וועלכן אונזערע שארית־הפליטה־דיכטער און אינטעליגענטלעך רופן אונז איצט צוריק — האָט עס צוגעזען און צוגעלאָזט.

פאַרוואָס? פאַר אונזערע זינד?

און דער עיקר פון אַלע עיקרים: אין מיין יידישקייט איז געווען דער חלום פון אונזער צו־קונפט אַלס אַ פאָלק, מיט וועלכן און אין וועלכן איך האָב זיך איינגעלעבט אין די בעסטע יאָרן פון מיין לעבן.

אַ פאָלק, ווי אַלע פעלקער, נישט אויסדערוויילט אָדער יאָ אויסדערוויילט, — „אויב נישט

נאָך העכער״: ניט אויסדערוויילט — ווי אַלע פעלקער פון דער ערד. אַן אייגענע ליטעראַטור, אַן אייגענע נאַציאָנאַלע לאַנדשאַפט, אַן אייגענע לאַבאָראַטאָריע, וואו מיר זאָלן אַרבעטן און שאַפן לטובת אַלע, ווי אַלע און מיט אַלע.

נאַציאָנאַליזם — יאָ, נאָר ווייל נאַציאָנאַליזם איז דער בעסטער און געזונטסטער וועג צו אוני־ווערסאַליזם.

איך טראָג מיין אייגן רעקל און הויזן, נישט ווייל זיי זענען די בעסטע אין דער וועלט, דער בעסטער און שענסטער קאָסטיום, נאָר ווייל עס איז דער אַלמענטשלעכסטער און באַקוועמסטער אופן צו לעבן צווישן מענטשן.

ס׳איז מיר באַקוועמער צו אַרבעטן מיט מיינע אייגענע, נישט ווייל מיינע אייגענע זענען די בעסטע און שענסטע מענטשן, נאָר ווייל מיין אַרבעט אין דער אייגענער לאַבאָראַטאָריע איז מער מזל־ברכהדיק פאַר אַלעמען.

איך בין נישט עקסטרא־פאַרליבט אין מיין פאָלקס־געשיכטע, און ווען מיר האָבן נישט קיין נביאים און געבן נישט דער וועלט קיין תורה, וואָלט איך אַלץ געוואָלט בויען אַ שיינע מענטש־לעכע צוקונפט פאַר מיין פאָלק.

און ווען מען באַווייזט מיר, צום ביישפּיל, אַז דער בייטראַג פון די אַלטע גריכן צו דער מענטש־לעכער ציוויליזאַציע איז גרעסער ווי דער יידי־שער, וויל איך אַלץ לעבן מיט מיינע נאָרמאַלע פאָלקס-ברידער.

און ווען אַלע טעאָלאָגן פון דער וועלט וועלן מיר באַווייזן, אַז אונזער יעהאָוואַ איז אַן אַלטער, פּרימיטיווער און ווילדער גאָט, וועל איך פון מיין מוטער, ברידער און מיינע קינדער פונ־דעסטוועגן נישט וועלן אַנטלויפן, ווייל דאָס בעסטע אין אונזער טעאָזאָפיע און עטיק איז אַלעמענס און דאָס בעסטע אין אַלע אַנדערע אמונות און פילאָזאָפיעס איז אונזער; ווייל אַ נאַציאָנאַלער גאָט איז קיין אמתער גאָט נישט; אַ נאַציאָנאַלער גאָט איז אַ טערמינאָלאָגישע סתירה. און ווען אפילו מען זאָל מיר באַווייזן, אַז מיר זענען ערגער פון אַנדערע פעלקער און האָבן גאָרנישט בייגעטראָגן צו דער מענטשלע־כער קולטור, וועל איך נאָך אייפריקער און ריי־נער אַרבעטן פאַר מיינע קינדער און מיין פאָלק.

וואָלט ניט בעסער און געזונטער געווען פאַר אונז און דער וועלט ווען מיר בלייבן ווי אַ פאָלק אין אַ העלעניזירטער א"י, ווי העלעניזירטע

יודייען אויף אייגענעם לאַנד איידער זיך ארויס־
צולאָזן איבער דער וועלט מיט אונזער תורה און
מיט אונזער קריסטנטום....

די ווייסע קלאַסישע סטאַטועס פון די אַפּאָ־
לאָס און ווענוסעס וואָלטן געווירקט אַזוי פּראַכט־
פול אין דער ארץ ישראלדיקער זון....

איך ווייס ניט צו מאָנאָטעאיזם איז טאַקע
דער אַבסאָלוטער און לעצטער אמת — איך בין
ניט קיין פאַכמאַן אין טעאָלאָגיע און טעאָסאָפיע
— נור מאָנאָטאָנער ווי פּאָליטעאיזם
איז, דוכט מיר, מאָנאָטעאיזם יאָ....

מאָנאָטעאיזם איז דעיסטישער פאַשיזם: דער
פּרינציפּ פון אַבסאָלוטער פירערשאַפט און דיס־
ציפּלין.

און ווען אפילו מאָנאָטעאיזם זאָל זיין דער
גרויסער און איינציקער אמת מיט וועלכן מיר
האָבן באַגליקט די מענטשהייט איז וואָס איז די
פעולה ווען ער האָט אָנגענומען אַזוי פיל צורות,
געשטאַלטן, פאָרמען און באַגריפן וויפיל פעלקער,
קאַסטן, יעראַרכיעס און מפרשים עס זיינען גע־
ווען, זיינען דאָ און וועלן זיין... עס זיינען דאָ
מער מאָנאָטעאיזמען ווי פּאַגאַנישע געטער און
געצן....

ווען איינער זאָגט מיט אמתן פאַרגעניגן און געפיל, מיט אַלע זיינע רמח איברים „מה נאה אילן זה" (ווי שיין דער בוים) אָנערקענט ער מער די געטליכקייט און דעם ווונדער פון דער גאַנצער באַשאַפונג ווי די מיליאָנען געצנדינערישע דינער צום איינציקן פירכטערליכן, דיקטאַטאָרישן גאָט וואָס שפרינגען „קדוש, קדוש"....

מען זאָגט זיך נישט אָפּ פון א מוטער, ווייל אַנדערע מאַמעס זענען שענער. און ווי ווייט מען זאָל נישט אַנטלויפן פון עלטערן, זענען זיי אַלץ מיט אונז און אין אונז, און אָפט נאָך מער צו־ליבן אַנטלויפן....

קינדער זענען לעבעדיקע „קדישים" נאָך זייערע עלטערן, צי זיי זאָגן קדיש צי ניין.

אַלע פעלקער זענען אתה־בחרתנו־פעלקער, פונקט ווי אין יעדן־מענטש, יעדן יחיד קען מען געפינען גוטע און שיינע זייטן, שטריכן, ווי אָרים און נישט אינטערעסאַנט ער זאָל נישט זיין.

אין די אויגן און דורך די אויגן פון א אמתן קינסטלער און זעער זיינען אַלע מאָטיוון און פנימער אינטערעסאַנט.

ס'איז נאַטירלעך, די שטימע פון יעדן ענגאַ איז געזונט: דאָס לעבן איז שווער, מוז מען

האָבן באַרעכטיקונגען, אילוזיעס, ראָמאַנטיזם און גלאָריע.

אָבער ווען דער עגאָ ווערט קראַנק און זעט נאָר אין דער אייגענער פּערזענלעכקייט ראָמאַנס און גלאָריע, דאַן ווערט אַזאַ עגאָ שעדלעך פאַר אַנדערע און פאַר זיך אַליין.

און ווען אַזאַ עגאָ האָט אויך קיין באָדן נישט ווערט ער אַ קראַנקער, אַ קאַריקאַטור, אַ פאַרזעעניש.

„גאָט האָט באַשאַפן דעם מענטשן אין זיין פאָרם און געשטאַלט"; עס זאָגט זיך נישט דעם יידן, דעם דייטש, דעם ענגלענדער א.א.וו.

קומען אָבער מענטשן און טוען אָן זייערער געטער, וואָס זיי האָבן באַשאַפן אין זייערע געשטאַלטן און זייערע נאַציאָנאַלע מלבושים, טליתים, מונדירן, פּאַנצערס א.א.וו.

און מיט דער הילף פון זייערע נאַציאָנאַלע כהנים, טעאָלאָגן, טעאָזאָפן און מיסטיקער באַצירן זיי זייערע געטער, חנפענען זיי: „מיר פאַרשטייען דיך און האָבן דיך ליב בעסער און טיפער פון אַלע אַנדערע פעלקער, ווייל מיר ווייסן, אַז דו האָסט אונז ליבער ווי אַלע אַנדערע פעלקער, האָסט אונז אויסדערוויילט".

און דערפאַר:

„גיב אונזער טאָג־טעגלעך ברויט";

„העלף אונזערע אַרמייען באַזיגן דעם שונא";

„העלף מיר אין אַ נויט";

„זאָלן מיינע שונאים איינגעזונקען ווערן";

„זע, מיין פון געבוירן שלעכט מענטשלעך האַרץ איז אָפן פאַר דיר";

„איך האָב דיך ליב ווי איינער האָט ליב זיין שיינע און נאַקעטע פלגש"....

* * * *

ווער פון אונזערע היינטיקע בעלי תשובה וועט זיך עס אָפּזאָגן פון די גאָטלאָזע ספינאָזאַ, מאַרקס, ערליך, פרויד, איינשטיין, וועלכע לאָזן זיך אפילו ניט מגיר זיין ווי ישוע הנוצרי?

* * * *

„זיי אַ ייד אין דיין שטוב און אַ מענטש אין גאַס" איז געווען דער לאָזונג פון אונזערע ערשטע משכילים.

„זיי אַ ייד אין שטוב און אַ ייד אין גאַס" איז געוואָרן דער לאָזונג פון אונזער נאַציאָנאַלער השכלה.

דאַרף איצט ניט ווערן אונזער לאָזונג: „זיי אַ מענטש אין דער היים און אַ מענטש אין גאַס". אָדער נאָך בעסער און נאָרמאַלער:

„זיי אַ מענטש אין דיין יידישער שטוב און זיי אַ מענטש אין דיין יידישער גאַס". און דאַרף דאָס ניט זיין דער לאָזונג פון אַלע פעלקער?



יב.

# בין איך שטאלץ
# אויף מיין יידישקייט?

ס'איז אפשר טאַקע בעסער נישט געבוירן צו ווערן ווי געבוירן צו ווערן. פונדעסטוועגן ווייס איך אָבער נישט צי איך וואָלט זיך אָפּגעזאָגט נאָכאַמאָל געבוירן צו ווערן; צי איך וואָלט זיך אָפּגעזאָגט פון „זיין" — דער דראַנג, דער „עלאַן" פון וואָס אַלץ און אַלע וועלטן זענען געבוירן און באַשאַפן געוואָרן — מיט די אַלע צרות פון עלטער, קראַנק זיין אויף דער עלטער, מיט די צרות פון מענטשלעכקייט און יידישקייט.

אָבער ווען מען פרעגט מיך אין הימל צי וואו: „דו מוזט געבוירן ווערן, ווילסטו געבוירן ווערן א ייד?" — וואָס וואָלט איך מיט מיינע איצטיקע דערפאַרונגען און אַנטוישונגען געענטפערט?

„איך ווייס נישט, רבונו של עולם. אויב יאָ געבוירן ווערן, זיין איז אפשר בעסער עמיץ אַנדערש, נישט קיין ייד?" דער צער פונם בעל-כרחך איז אַזוי גרויס. זיין אַ מענטש הייסט

וויסן, אַז מען איז אַ חיה, וואָס מוז עסן, לעבן פאַרצוקן מיט יראת־שמים אָנשטעלן; וויסן און נישט קענען העלפן זיך. נאָך וואָס זשע נאָך טראָגן דעם איבריקן צער און יאָך פון געבוירן ווערן אַ ייד?

„איך וויים נישט, רבונו של עולם!"

ווען אַלע אַנדערע פעלקער־קינדער פרעגן זיך אַמאָל די פראַגע, ענטפערן זיי: „געוויס ווילן מיר, אויב ס'איז אונז באַשערט נאָכאַמאָל גע־בוירן צו ווערן, זיין וואָס מיר זענען". מען האָט דאָך זיי אין זייער קינדהייט אָנגעשטאָפּט מיט נאַציאָנאַלן פּאַטריאָטיזם ווי מיט אַ צו זיסן איינגעמאַכטס. . . .

דער אָנגעשטאָפּטער דייטש, וועלכער זאָגט שטענדיק: „גאָט זיי דאַנק, איך בין אַ דייטש", וויל זיכער ווידער געבוירן ווערן אַ דייטש; זאָל זיין ווייניקער מענטש, אָבער דייטש.

דער שטאָלצער ענגלענדער, מיט זיין גאַנצן שטאָלצן אונטערשעצן זיך, וויל נאַטירלעך זיין נאָר ענגלענדער און קען אפילו נישט אויסקלויבן די „נעקסט בעסט טהינג".

דער קולטורעלער פראַנצויז איז איבערצייגט,

אַז ס'איז שוין דאָס מענטשלעכסטע און פריי־
לעכסטע צו זיין אַ פראַנצויז.

און אַזוי אַלע גרעסטע און מינדסטע פעלקער־
קינדער.

ס'רוב ענטפערן אויך אַזוי אַלע סאָרטן היינ־
טיקע יידן, ווען מען פרעגט זיי, צי זיי פרעגן זיך
אַליין, צי זיי וואָלטן ווידער געוואָלט געבוירן
ווערן יידן?

פון דעם פרומען יידן איז אָפּגערעדט. ער איז
אַזוי איינגעגלויבט אין זיין גאָט און אמונה און
אַזוי איינגעלעבט מיט אַלע גייסטיקע און אַנדערע
פּריווילעגיעס, וואָס ער וועט געניסן לעתיד־לבוא,
אַז אָפּזאָגן זיך פון זיין יידישקייט איז פאַר אים
פיל מער — און אפשר ווייניקער? — ווי אָפּ־
זאָגן זיך פון אַ גרויס פאַרמעגן פאַר אים און
זיינע קינדס־קינדער.

ער איז איינגעוויקלט און דורכגעווייקט מיט
זיין יידישקייט, אַז ער קען אַזש נישט זעען און
פאַרשטיין ווי אַנדערע מענטשן, ווי גוים קענען
עס גאָר לעבן, און ער האָט רחמנות אויף זיי,
באַדויערנדיק זיי אָט ווי אַמאָליקע יידישע
קינדער פלעגן רחמנות האָבן אויף די שכנישע
נישט־יידישע קינדער ווי זיי קענען עס גאָר לעבן

אָן שבת־ליכט, אָן מצות, חנוכה־ליכטלעך און תשעה־באב־„בערעלעך“.

איך דער מאָדערנער, וועלטלעכער ייד אין זיינע אַלע שאַטירונגען וועט ענטפערן אָפּט מיט א קרעכץ און מיט א „פונדעסטוועגן“: „א ייד“; און וועט זיך דערביי אריינלאָזן אין פאַרשידענע האַלב צי גאַנץ אפּאָלאָגעטישע, פילאָזאָפישע און אנדערע טעאָריעס, געפינענדיק זיכערקייט און מוט אין דעם באַוואוסטזיין, אַז די פראַגע איז א נאַרישע און אַז ס׳קען סאַי ווי אַנדערש נישט זיין. און ער וועט זיך אַריינלאָזן אין פאַרשידענע פילאָזאָפישע חקירות און באַווייזן, לויט זיינע קענטעגישן, אַז יודאאיזם איז די פיינסטע און איידלסטע און עטישסטע אמונה און וועלט־אַנשויאונג. וכל המרבה הרי זה משובח; און ווער עס קען אַמבעסטן פילאָזאָפיע און טעאָלאָגיע וועט אַמבעסטן פאַרפּלאָנטן און באַווייזן מיט אותות ומופתים — מיסטישע און ראַציאָנעלע — אַז דאָס בעסטע איז דאָך צו זיין א ייד, און אַז ער וואָלט בשום אופן עמיץ אַנדערש גאָרנישט געוואָלט זיין א.א.וו.

איך רעד שוין נישט פון די פון אונז, וואָס גלויבן אָדער רעדן זיך איין, אַז זיי גלויבן אין

א האַלבער צי גאַנצער יידישער מיסיע און זען נישט איין ווי אַלע זייערע טעאָריעס און פילאָ־זאָפיעס זענען אַנטנומענע, אַסימילירטע און אָפט נישט־פאַרדייטע אנשויאונגען פון „פרעמדע“ רעליגיעז־פילאָזאָפישע און מיסטישע אנשוי־אונגען.

*   *   *   *

די מיסטיקער און די גרויסע רעליגיאָנס־לערער — יידן און נישט יידן — זענען געווען גרויסע דיכטער מיט פיינע אָפט פּאָעטישע וויזיעס און טיפע פּסיכאָלאָגישע אָבסערוואַציעס; זיי באַצויבערן אָפט, אָבער איבערצייגן זעלטן.

און די גרעסטע מיסטיקער ביי אַלע פעלקער מוזן צעברעכן די נאַציאָנאַלע גרענעצן און פאַר־מען, אין וועלכע זיי דערשיינען לכתחילה: מיס־טיציזם איז דער הימלישער וועג צו אפיקורסות.

יג.

# פאלק און עגא

און דאָך ווען איך פרעג זיך די נאַרישע פראַגע, צי וואָלט איך אויסגעקליבן צו זיין אַ ייד ווען איך האָב די ברירה, בין איך גאָרנישט זיכער מיט מיין ענטפער.

איך בין אַן עגאָאיסט, ווי אַלע לעבעדיקע מענטשן און באַשעפענישן. — עגאָאיזם איז הייליק, ווייל עגאָאיזם איז לעבן, דער שוואַרץ-אַפּל פון לעבן. נאָך מער: איך בין אַזוי עגאָ־איסטיש ווי אַלע קולטורעלע און ממילא נאַר־ציסטישע מענטשן, און איך באַרעכטיק, ווי שוין באַמערקט, אויך קאָלעקטיוון עגאָאיזם, ווייל דער מענטש איז אויך אַ געזעלשאַפטלעכע חיה, אויף וויפיל דער קאָלעקטיווער עגאָאיזם איז קולטורעל און נישט אַגרעסיוו. מענטשן דאַרפן דאָך אילו־זיעס און גלאָריע.

איך ווייס, צום ביישפּיל, אַז איך בין נישט קיין שיינקייט און אַז מיין לייב, מיין גוף, איז נישט אַזוי שטאַרק און שיין ווי איך וואָלט אפשר געוואָלט זיין; מיין לייב איז ווייס און איך ווייס

ניט צו איך דאַרף זיין צופֿרידן אָדער זיך פֿילן באַליידיקט פֿאַר וואָס איך בין ניט האָריק ווי עשו אָדער ווי די געוויסע פֿילם־סטאַרס.

„געזונט איז מאַנגל פֿון קראַנקהייטן" איז מאַנטיינס פּראַקטפֿולע און דאַכט זיך איינציק מעגליכע דעפֿיניציע.

איך שטיי אָפֿט ביים שפּיגל און בין זיך אָפֿט אַליין נמאס; איך בין אָבער נישט דעפּאָרמירט — דאַנקען גאָט, זאָגט אונטער די ירושה — איך האָב קיין באַמערקבאַרע פֿיזישע פֿעלערן. און ווען מען פֿרעגט מיך, צי מען זאָגט מיר, אַז איך וועל נאָכאַמאָל געבוירן ווערן, וואָלט איך געוואָלט גע־בוירן ווערן נאָר מיט מיין איצטיקן געשטאַלט און אויסזען. איך וואָלט נישט געוואָלט אין אַן אַנדער לעבן צוגיין צום שפּיגל און דערזעען דאָרט אַן אַנדער פּנים.

אַזאַ עגאָאיסט בין איך, און איך בין מסתמא ווי אַלע אַנדערע.

מיר האָבן מער מורא פֿאַר אונזערע אייגענע גלגולים ווי פֿאַרן טויט, ווייל מיר גלויבן שוין מער אין גלגולים ווי אין טויט. יעדן פֿון אונז שרעקט דאָס זיין אַנדערש ווי מיר זענען. און

דאָך זאָג איך, איך ווייס נישט צי איך וואָלט געוואָלט נאָכאַמאָל געבוירן ווערן אַ ייד.

איז מיין יידישקייט מיין האָרב?

* * * *

איך בין גאָרנישט זיכער צו איך בין פאַר „קרעמיישאָן" ניט נור צוליב מיין פּחדנות נור אויך ווייל ס'דאכט זיך מיר אַז אַ הויפן אַש איז ט ו י ט ע ר ווי אַ סקעלעט, און שטעלט אָפּ דעם נאַטירליכן, לעבעדיקן גילגולים פּראָצעס פון טויט... און אויך דערפאַר וועל איך קיינמאָל ניט מוחל זיין די נאַצים פאַר זייער באַרבאַריש וויסנשאַפטליכער „קרעמיישאָן" פון זייערע מיליאָנען קרבנות....

* * * *

איך ווייס נישט וויאַזוי פילט זיך אַ האַרבאַ־טער ווען ער שטייט ביים שפּיגל. איז ער פאַר־ליבט אין זיין האָרב? שליסט זיין ענגאָ אויך איין דעם האָרב זיינעם?

און איך האָב פיינט אָט די קריכערישע און נאָכקרימערישע אַסימילאַציע; און איך בין צו עגאָאיסטיש איך זאָל עמיצן — יידן צי נישט־

יידן — מקנא זיין. איך גלויב און האַלט, אַז גע־בענטשט איז דער מענטש, וואָס קען אַרויס־ברענגען און קולטיווירן זיינע מעלות און ער דאַרף נישט וועלן זיין אַ שעקספּיר אָדער אַ געטע. דעם פיינסטן בייטראַג, וואָס יעדער פון אונז קען ברענגען, איז אַרויסברענגען לטובת זיך און אַלעמען די אייגענע מעלות. איך גלויב, אַז אַ געזונטער, פיינער עגאָאיזם איז נישט נאָר נישט סותר, נאָר איז דאָס פּרוכטבאַרסטע, וואָס מיר קענען צוטראָגן צום קאָלעקטיוו.

און דאָך ווייס איך נישט צי איך וואָלט ווידער געוואָלט געבוירן ווערן אַ ייד.

מיין פּנים, מיין גוף — יאָ; ווי יידיש זיי זאָלן נישט זיין, וויל איך האָבן, אָבער דעם נאָמען — נישט.

און דאָך האָט זיך ביי אונז אין גלות געמוזט אויסאַרבעטן אַ כאַמעלעאָנישע כאַראַקטעריסטיק: איך האָב נאָך נישט באַגעגנט אַ מאָדערנעם ייד, ווי נאַציאָנאַליסטיש ער זאָל נישט זיין, ער זאָל זיך ניט פילן עטוואָס קאָמפּלימענטירט ווען מען זאָגט אים אַז ער זעט ניט אויס ווי אַ ייד....

איך האָב אַמאָל האַלב אין שפּאַס געזאָגט מיינע קינדער: קיין געלט האָב איך אייך ניט

געקענט געבן, אָבער דערפאַר האָב איך אייך גע־געבן גוטע, ניט יידישע נעזער. און זיי זיינען דאַכט זיך מיר שטילערהייט צופרידן פון דער יידישער ירושה.

„וואָס איז אין אַ נאָמען?" איז דער נאָמען „ייד" מיין האָרב, וואָס איך לאָז אויך איבער מיינע קינדער? אָדער איז עס געוואָרן טאַקע צו פיינלעך פאַר מיין עגאָ, וואָס וויל לעבן און אַרויסברענגען דאָס בעסטע, צו זיין אַ ייד...

וואָלטן די מיליאָנען געגאַזטע און אויסגע־קוילעטע, ווען מען פרעגט זיי אין דער לעצטער רגע, געוואָלט ווידער געבוירן ווערן יידן? איך צווייפל שטאַרק, נישט קוקנדיק אויף אַלע אונ־זערע נאַטירלעכע און אומנאַטירלעכע אילוזיעס וועגן זייער קדוש־השם.

אָדער אפשר איז עס דערפאַר ווייל דער נאַ־ציאָנאַלער עגאָ אין יעדן פון אונז איז פיל שוואַכער — ווייל אַרטיפיציעלער — ווי דער אינדיווידועלער עגאָאיזם? אָפּטמאָל, ווען מיר רעדן פון אתה־בחרתנו, פאַרטיידיקט יעדער איינער נאָר זיין איך.

פון די גרויסע נביאים און סאָציאַלע רעפאָר־מאַטאָרן ביז די מינדסטע פון אונז זענען מיר

גרייטער צו שטראָפן, קריטיקירן אונזערע פעל־
קער ווי זיך אַליין יעדן באַזונדער.

דעם נאַציאָנאַלן לבוש און עלעמענט איז יעדער איינער גיכער גרייט מקריב צו זיין ווי זיך אַליין (אפילו אויף די פּאַטריאָטישסטע שלאַכט-פעלדער, ווי דער דורכשניטלעכער זעל־נער וועט מודה זיין), ווייל דער אינדיווידועלער עגאָ איז אייביקער ווי דער נאַציאָנאַלער, איז געווען פריער און וועט זיין שפּעטער. ווען אַ מענטש שטאַרבט, שטאַרבט מיט אים — פאַר אים — די גאַנצע וועלט. מיר זעען נישט דאָס לעצטע פאָלק, נאָר דעם לעצטן מענטשן אויף אַ וויסטער ערד אונטער אַן אָפּגעקילטער זון.

ס'איז דאָ אַ שטיקל אמת אין נאַציאָנאַלן עגאָ־איזם, אָבער דער גאַנצער אמת איז מיטן יחיד'ס עגאָאיזם. איך גלויב דעריבער נאָר אַביסל די ענגלענדער, די דייטשן, די פראַנצויזן, ווען זיי זאָגן, אַז זיי וואָלטן געוואָלט זיין נאָר דאָס, וואָס זיי זענען; אָבער נישט אינגאַנצן. זיי זאָגן אַזוי אין גלייבן עס, ווייל ס'איז קאָנווענציאָנעל און ווייל ס'איז זיי אַזוי באַקוועמער אין אונזער צייט אין ווייל עס לוינט זיך יעדן פון זיי באַזונדער.
אין מיין עגאָאיזם איז אַזוי שטאַרק, אַז איך

בין איבערצייגט, אז איך וועל האָבן דאָס אייגענע פּנים, די אייגענע הענט און פיס, ווען איך וועל ער געבוירן נישט קיין ייד.

און איז נישט דאָס ריין און סינטעטיש־מענשלעכסטע אין אונזער עגאָאיזם — דער מענטש? יעדער מענטש שטאָלצירט מער מיט זיין געראָטענעם מענטשלעכן אויסזען און געשטאַלטונג — שיינער מאַן צי פרוי — ווי מיט זיין כאַראַקטעריסטיש־נאַציאָנאַלן אויסזען.

דער דין אינג האָט אַמאָל געשריבן, אז אַן ענגלישער בישאָף וועט מער שטאָלצירן מיטן קאָמפּלימענט, אז ער איז אַן עכטער דזשענטלמאַן, ווי מיטן קאָמפּלימענט, אז ער איז אַ גוטער קריסט. מען קען אודאי צוגעבן — ווי אַ גוטער ענגלענדער.

און גאָט האָט באַשאַפן דעם מענטשן — נישט ייד, דייטש, ענגלענדער אָדער נעגער — אין זיין געשטאַלט.

איז דאָ אַזאַ אַבסטראַקטער עגאָ-כוח (בערגסאָנס „שעפערישער שוווּנג“), וואָס זיינע פונקען זענען צעשפּרייט אין אַלעם, וואָס עקזיסטירט, לעבט און שטרעבט ווייטער צו לעבן?!



יד.

# „נצח ישראל"

„עדך מחזיק בתמתך . . . ברך אלהים ומת"...
(איוב ב פסוק ט.)

ברך אלהים ומת: שעלט גאָט און שטאַרב. אַן אחר, אַ שבתי צבי אָדער וועלכער ס'איז אַנדערער מיסטיקער, וואָס איז באַלויכטן געוואָרן פונם שוואַרצעסטן יאוש, וואָלט זיך געקענט פּשטלען און טייטשן: שעלט גאָט און לעב, ווייל אויב ברך איז שעלטן איז ומת — לעבן, און אין אונזער פאַל — נאַציאָנאַלער טויט.

* * * *

אונזער מאָדערנע יידישע, נאַציאָנאַלע אינטעליגענץ איז אפשר די היפּאָקריטישסטע אין דער וועלט: דער גלות און די אטאוויסטישע מורא פאַר יעהאָוואַן האָט זיי פאַרוואַנדלט אין היפּאָקריטן, ווי אַזוי קענען זיי באַרעכטיקן און פאַרשווייגן שחיטה (מאַכן אַ ברכה אויף אַ געשחטן הינדל; תיקון, זאָגן אונזערע מיסטיקער; תיקון, האָט געזאָגט סאַוואַנאַראָלאַ; און תיקון,

האָבן געזאָגט די אינקוויזיטאָרן; תיקון, האָבן אויך געזאָגט די בלאָנדע בעסטיעס — היטלער און הימלער), כשרות, רצועות, מילה און אַנדער־רע ווילדע נאַרישקייטן, וואָס זיי באַלאַכן און באַקעמפן ביי אַנדערע פעלקער און ווילדע שבטים.

* * * *

זיינען מיר דאָס איינציקע, מאָדערן און ציווי־ליזירט פאָלק וואָס האַלט שוחטים פאַר כלי קודש; אין דער יעראַרכיע אַ שטאפל נידריקער פון רבנים.

* * * *

„אַ מענטש איז וואָס ער עסט" זאָגט פייער־באך. דאָס איז סאָציאַלע און פּאָליטישע עקאָ־נאָמיע.

מען קען אויך זאָגן: אַ מענש איז ווי אַזוי ער עסט; דאָס איז קולטור געשיכטע.

אַ ייד עסט כשר...

אָבער דער תמצית פון אַלע תמציתן איז: אַ מענש עסט. פּאַרציקט.

בטולה של תורה זהו קיומה...

* * * *

„קיום העם" — איז דער תירוץ; מיר קענען די זאַכן נישט באַקעמפן, ווייל מיר האָבן נישט קיין אַנדערע וועלטלעכע פאָרמען, וואָס זאָלן אויפהאַלטן דאָס פאָלק — אַלס פאָלק — פון אונטערגאַנג. איז ערשטנס, אַז אָך און וויי צום קיום...

אויב אַזעלכע ווילדע זאַכן און מנהגים קענען אויפהאַלטן דאָס פאָלק — פרעג איך, נאָך וואָס?

און זיי שווייגן, פאַרמאַכן די אויגן און פרייען זיך ווען מען זאָגט זיי, אַז זיי זען נישט אויס יידיש; און יעדער איינער פון זיי באַרימט זיך, אַז ער איז אַ ציוויליזירטער, אייראָפּעאישער מענטש; אַז ער האַלט נישט פון די זאַכן, נאָר דאָס פאָלק מוז מען אויפהאַלטן.

ווי וויניק גלויבן האָט אונזער אינטעליגענץ אין אונזער פאָלק און ווי ציניש באַציט זי זיך צו אונזער פאָלק!

איז דאָ ערגעץ אויף דער וועלט אַ קולטורעלע אינטעליגענץ, וואָס זאָל אַזוי נאַציסטיש אָפּלאַכן פון אַן אייגענער פאָלקס־שפּראַך און קרימען זיך „זשאַרגאָן" ווי די יידישע? און דאָך פּרובירט אַ לאַך טון פון איינער פון אונזערע תרי"ג שבולתן, וועלן זיי זיך פאַרקרימען: ניט פּראַק־טיש, און זיך אַריינלאָזן אין פאַרשידענע ראַציאָ־

נאַליסטישע אַפּאָלאָגעטיקעס: דאָקטוירים זאָגן, אַז מילה איז געזונטער... און שוחטים זענען ביי אונז כלי־קודש.

תרי"ג קייטן טראָגט יעדער וועלטלעכער ייד ביי זיך אין האַרצן, ווי עפּעס אַזעלכע פינסטערע געדערים, „בלינדע קישקעס". און וויאַזוי קענען די קנעכט פון אינערלעכער, גייסטיקער קנעכט־שאַפט רעדן פון אַ פריי לעבן פאַר פרייע מענטשן?

מיר האָבן זיך געשעמט פאַרן נאָמען מענטש, ווען די נירנבערגער געזעצן האָבן פאַרבאָטן די דייטשן צו עסן ביי יידן אָדער חתונה צו האָבן מיט יידן, און ביי זיך לאָזן מיר עס צו, ביי אונז איז עס עפּעס אַנדערש — קיום־העם.

* * * *

די יידישע אינטעליגענץ דאַרף זיך שעמען וואָס אַזאַ גרויסער פּראָצענט פון אונזער פאָלק מיאוסט זיך צו עסן ביי זייערע נישט יידישע שכנים, נישט קוקנדיק דערויף, וואָס מען חנפעט זיך צו זיי, מען לעקט זיך צו זיי, ביז אונזערע קינדער זענען גרייט צו זיי אַנטלויפן, ווען מען נעמט זיי.

* * * *

איך ווייס פון יידישע שרייבער, וואָס שעמען זיך אויפצושרייבן אויף זייערע ווערק, אַז זיי זענען איבערזעצט פון יידיש, און גייען איצט אַרום צווישן יידן און רעדן מיט גאָט און ווילן אייך אויסרייסן די אויגן, צערייסן ווי אַ פיש, ווען איר וועט פאַרטשעפּען אַ שטיקל פון די שברי־לוחות.

* * * *

נאָר שעפערישע נאַטורן קענען זיין אמת־רע־ליגיעז — זוכן מיטן גאַנצן האַרצן און לייב און לעבן צו באַהעפטן זיך מיטן אין־סוף, מיטן גאַנ־צן — און איך האָב דעם גרעסטן יראת־הכבוד פאַר די גרויסע רעליגיעזע יידן און נישט־יידן, פאַר אָט די גרויסע אמתע דיכטער. אָבער דער רוב פרומאַקעס פון אַלע קירכעס און אמונות זע־נען נאָך ערגער און פאַרשווערכנדער ווי די הונ־דערטער און טויזנטער טאַלאַנטלאָזיקייטן און פסעוודאָ־טאַלאַנטעלעך, וועלכע פאַרפּאַסקודיען אַלע קונסטן און ליטעראַטורן.

* * * *

מען דאַרף האָבן אמתן טאַלאַנט — אויפריכ־טיקייט — צו זיין רעליגיעז ; און אַ גאון — צו

זיין אַן אמתער צדיק. (כאָטש איך ווייס נאָך נישט פון צדיקים, וואָס זאָלן זיין היילי̇קער, רע־ליגיעזער — אינם קאָסמישן זין פונם וואָרט — פון אַ שפינאָזאַ, אַ גאַלילעאַ, אַ ניוטאָן, אַ דאַר־ווין). און דער רוב פרומאַקעס זענען קליינע זינ־דער מיט כשר-צעטלעך אויף זייערע עבירהלעך, וועלכע זענען נישט אַזוי זינדיק ווי זייערע מצווהלעך, וואָס זיי שלינגען ווי פעטע קרעפּ־לעך.

זיי דערמאָנען אין קאַלבאַסעס מיט אַ הכשר.

און פון די פּראָפעסיאָנעלע כהנים, פּריסטער און גאָטס סטראַפּטשעס — די אַלע זענען אינ־קוויזיטאָרן. זייער איינציקע באַרעכטיקונג איז, אַז זייערע פּראָטאָטיפּן און יורשים זענען פאַראַן און וועלן זיין אויך אין אַלע נישט־רעליגיעזע, וועלטלעך־אידעאַליסטישע פּאַרטייען, באַוועגונ־גען און קירכן.

* * * *

מיין דערפאַרונג מיט די וועלטלעכע בעלי־תשובה היינטיקע: פּראַקטיש, שלעכט, מיט שנאה צו חברים. אַזאַ גייציקייט און אויסגע־רעכנטקייט און זייער פרומקייט און רעליגיעזי־

טעט זענען ווי פילן, אין וועלכע זיי באַהאַלטן זייער גיפט, זייער שלעכטסקייט.

זיי האָבן זיך צוריקגעקערט צו זייער גאָט, ווי צו זייער אַלטן מלמד, רבין פון זייער קינדהייט, אָט דעם האַלב בלינדן און האַלב טויבן מלמד, וועלכער האָט געהאַט אַזאַ לאַנגער ברודיק־ווייסע באָרד מיט געל-גרינע פּליאַמעס פון דער טאַבע־קע.

„ער איז דאָך געווען אַזאַ שיינער ייד". און די ראָמאַנטיק פון קינדהייט גיסט מען אויס אויף דער אַלטער יידישקייט און אויפן כביכול, אויף דעם היטער פון ישראל, וואָס שלאָפט און דרימלט ווי אַלע פּאַרצייטיקע געטער און זענען דער שטאָף פון אונזערע קאָשמאַרן.

זיי פּאַרטיפן זיך אין מאמרי חז"ל, אין אַן אַלטן תוספות אָדער מדרש, ווי די באַלעבאַטי־שע אינטעליגענטע סוחרימלעך און סיוויל סער־ווים אין „קראָססוואָרד פּאַזלס".



טו.

# גדולה עבירה לשמה ממצוה שלא לשמה..

(נזיר כ״ג ע״ב)

און וואָס, רבונו של עולם, האָט דאָס אַלעס צו טון מיט אמת רעליגיעזע געפילן, מיט די שע־פערישע רגעס פון די זעלטענע יחידים, וואָס זוכן דעם איחוד, דעם זין ?

א וויסנשאַפטלער, אַן אַנאַליטיקער, וועלכער פאַרטיפט זיך דורך זיין מיקראָסקאָפּ אין אַ סלאַי מיט באַקטעריעס, באַהעפט זיך מער מיט דעם געטלעכן אין־סוף ווי אַט די וועלטלעכע בעלי־תשובה אונזערע, וועלכע קוועטשן זיך פונדאַס־ניי אויף אַ בלאַט גמרא, הויפּטזעכלעך דערפאַר, ווייל זיי זענען אימפּאָטענט און זייערע ווייבער זענען נמאס און מאוס.

איך וואָלט געוואָלט זיך טרעפן מיט איינעם כאָטש פון אונזערע היינטיקע בעלי־תשובה, וועלכער איז געוואָרן צוליב און אַ דאַנק זיין צו־ריקקער צו גאָט — הברישער, פריינטלעכער צו זיינע מיטמענטשן און אפילו קאַלעגן. (אויב עס זענען דאָ אַזעלכע בעט איך ביי זיי מחילה).

ס׳רוב ווערן זיי, דאַכט זיך, נאָך שלעכטער, גיי־ציקער און נוקם-ונוטרדיקער, גלייך ווי זיי וואָלטן אַ שפּאָגל־נייעם הכשר באַקומען אויף זייער געמיינקייט און שלעכטקייט.

ס׳קאָסט פיל פיל ווייניקער מקיים צו זיין די מצוות בין אדם למקום, ווי די מצוות בין אדם לחברו. פאַרקערט, פון די ערשטע כאַפּט מען נאָך פיינע פאַרדינסטלעך, אַחוץ דעם וואָס מען פאַרשפּאָרט זיך די גרויסע הוצאות און קרבנות, וואָס די מצוות בין אדם לחברו קענען אָפּקאָסטן.

קויפן אויפן „שוואַרצן מאַרק" אַ הון לכבוד שבת אָדער יום־טוב קען מען, אפּנים, מיט אַ פיל גרינגער געוויסן, ווי גלאַט קויפן אַ הון אויפן שוואַרצן מאַרק צוליב דער אכילה, צוליב פרעסן...

דאָס שוואַרץ־מאַרק־הינדל קריגט אַזוי אַרום אַ תיקון נאָך איידער עס קריגט דעם אמת־גרויסן תיקון, ווען דער שוחט מיטן חלף אויף איר האַלז מאַכט אַ ברכה: אַ „באַרדיטשעווער" קען אויך אויף אַ „בלעק־מאַרקעט"־כפרה מלמד זכות זיין...

אפשר שטעקט טאַקע גאָר אַ גרויסער אמת אין דעם מאמר חז״ל, וואָס זאָגט, אַז „ס׳איז בע־

סער אַן עבירה לשמה ווי אַ מצווה שלא לשמה״?
דער גרויסער זין און תוך און פילאָזאָפיע פון
רעליגיעס, וועלכע געבן אַ „לשמה״ צו עבירות
און זינד אין דער צייט, ווען אפיקורסישער און
אַטעאיסטישער הומאַניזם באַגייט מצוות לא
לשמה און עבירות — לשמה.. ווייל „שכר
מצווה־מצווה״ איז דער לשמה..

(אין די „ניגראָ-ספּיריטשועלס״ איז דאָ אַזוי־
פיל רעליגיעזע השתפכות־הנפש ווי אין די
חסידישע „דו־דו׳ס״ — נו, איז וואָס?)

איז טאַקע די גרויסע פראַגע פון אונזער צייט
ווי פון אַלע צייטן: צי זענען בעסער קאַנאָניזיר־
טע „לשמה־זינד״ און עבירות ווי פרייע, „נישט־
לשמה״ מעשים טובים?

די ערשטע גרויסע נביאים און רעליגיאָנס־
לערער האָבן מורד געווען קעגן קאַנאָניזירטע
„לשמה־עבירות״, ביז עס זענען אויפגעשטאַנען
נייע קירכעס און סינאַגאָגעס און פאַרוואַנדלט
די מצוות לא לשמה ווידער אין קאַנאָניזירטע
און הייליקע זינד.

און אַזוי דרייט זיך דאָס רעדל; אַזוי שפּינט
זיך דאָס געוועב, וואָס רופט זיך מענטשלעכע
ציוויליזאַציע.

* * * *

און גאָטס זון:

דאָס איינציקע מאָל, ווען איך האָב אויפריכ־טיק געוויינט איבער אַ בוך —לויט מיינע כחות און אויף וויפל, דוכט מיר, אַ מענטש קען אויפ־ריכטיק וויינען — און שוין אין די רייפע פאַר־האַרטעוועטע יאָרן פון פאַר דער צווייטער וועלט־מלחמה, איז געווען ווען איך האָב גע־לייענט דאָס קאַפּיטל ווי דאָן־קיכאָט הענגט אַ גאַנצע נאַכט פונם בוידעם־פענסטערל מיט די קראַטעס, צו וועלכע די געזונטע דאָרף־מוידן האָבן שפּאָטיש זיינע הענט צוגעבונדן. אַ גאַנצע נאַכט איז אָט דער מענטשלעכסטער און, הייליקסטער ריטער געהאַנגען און זיך געבאָמבלט מיט זיינע לאַנגע ביינערדיקע פיס איבער זיין „ראָזענאַנטע" און איז געווען זיכער, אַז דאָס האָבן „נישט־גוטע" אים אָפּגעטון אַ שפּיצל און נישט די דאָרפס־מיידלעך, וואָס האָבן מיט אים שפּאָטיש קאָקעטירט און אַריינגענאַרט.

דאָס איז די בעסטע קרייציקונג־באַשרייבונג, גלויב איך, וואָס איז פאַראַן אין דער וועלט־ליטעראַטור — אמתער, אידעאַליסטישער און הייליקער ווי די קרייציקונג אינם נייעם טעסטאַ־מענט.

*     *     *     *

דאָס איז די קרייציקונג, וואָס קומט פאָר אין יעדן דור און פון די בעסטע פון די מענטשן־קינ־דער, פון די געטלעכע מענטשן־קינדער. ניין, יע־דער מענטש איז אַ קריסטוס און ווערט געקריי־ציקט אין די ליכטיקסטע און זעלטנסטע מינוטן פון זיין לעבן, ווען דאָס האַרט־אַנימאַלישע לעבן לאַכט אים אויס, באַשפּייט אים און קרייציקט אים.

אַזוי איז געווען ביז ישוען און אַזוי וועט זיין עד סוף כל הדורות.

יעדער מענטש איז אַ קריסטוס און יעדער מענטש ווערט געקרייציקט פון זיך אַליין, פון יעדן מענטשן, — צו ער איז קריסט צו ייד, צו ער איז אַ גלח אָדער אַ רב — ווייל יעדער מענטש איז אויך זיין אייגענער „יודאס“.

* * * *

ס'וואָלט געווען אפשר דאָס מענטשלעכסטע ראַציאָנעלסטע מיר זאָלן אַלע ווערן, אין דעם זין, קריסטן — אויך די קריסטן — און קיינמאָל נישט פאַרגעסן אין דעם געטלעכן, געקרייציקטן מענטשן, און אויפהערן קרייציקן זיך אַליין און איינער דעם צווייטן : און נישט באַשפּייען אונ־

זערע אייגענע שלימזלניקעס, בעלי־חלומות און אידעאַליסטן, געלערטע און פאָרשער.

מיר קרייציקן טאָג־טעגלעך, ביודעים ובלא יודעים, זיך אַליין און אונזערע מיטמענטשן, אונזערע טאַטעס און קינדער.

און ס'איז אמת „די נישט־גוטע" טוען עס; די נישט־גוטע אין אונז, ווייל אין יעדן פון א.נז איז דאָ אַ קריסטוס און אַ נישט־גוטער; אַ געטלע־כער זון און אַ חיה, אַ צווייפיסיקע חיה!

* * * *

אָבער אַ גאָט מאַכן פונם געקרייציקטן, אין זיין נאָמען קרייציקן, באַשפייען און באַליידיקן — דאָס איז אפשר די שרעקלעכסטע קרייציקונג און די שענדלעכסטע פּראָפּאַגאַנדע: דאָס איז דאָס בעסטע קאַפּיטל פון דאָן־קיכאָט, וואָס איז נאָך נישט געשריבן געוואָרן.

* * * *

מאַכן דעם געקרייציקטן פאַר אַ זון פון אַ טויטן, אוראַלטן, פּרימיטיוון גאָט, וועלכער פאַרלאָזט אים און זעט אים נישט אויפן קרייץ — דאָס איז אַ געוועב און אַ געשפּין פונם אַלטן,

הייליקן שפּין־געוועב פון די אור־אַלטע פּרימי־
טיווע טעמפּלען און געטער.

*  *  *  *

איך וויל, חלילה, נישט לייקענען אין די
אוצרות־פאָלקלאָר און זייער פּאָעטישער שיינ־
קייט; אַפילו אין די ווילדעסטע רעליגיעזע
קולטן און סימבאָלן פון אַלע רעליגיעס קען מען
דערגרונטעווען ריינע פונקען פון לעבנס־אמתן
און אַ סך גרויסע און אומשטערבלעכע פּאָעמעס,
לידער און תפילות זענען זיי געווידמעט געוואָרן
פון אמתע פּאָעטן, וויזיאָנערן און מיסטיקער.
ווארום אַזויפיל געטלעכע און ישעפערישע
מענטשן־קינדער האָבן געדינט און באַלעבט מיט
זייער פאַנטאַזיע טויטע צלמים און ליידיקע
קברים. אָבער אויך די לעצטע און אויסדערוויילד־
טע זענען געקרייציקט געוואָרן פון זייערע
כהנים, לוים און פאַנאַטישע פאַרערער און...
יצא שכרם בהפסדם.

*  *  *  *

תמימותדיקע פשוטע לעזער וויינען און לאַכן
איבער שונד ראָמאַנען וואָס זיי לייענען און באַ־
לעבן אין זייער פאַנטאַזיע; און אמתע פּאָעטן

באַלעבן מיט זייערע וויזיעס און שעפערישקייט אָפּגעשטאָרבענע רעליגיעזע קולטן און סימבאָלן. און זיי אַליין און זייערע פאַרערער הויבן אָן פון דאָס ניי גלויבן אין זיי.

* * * *

אין אַ חסידישן גן עדן קען איך זען דעם הייליקן בעל שם און סען פראַנסים, סען טערעזע און ר' נחמן כאַפּן אַ כשר טענצל.. — און כנופיות צדיקים אין פאַרשידענע טראַכטן און געדאַכטן שטייען אַרום, קוועלן אָן און פּלעסקן צו מיט די הענט.

* * * *

אמתע רעליגיעזע פּיעטעט איז די אינטימסטע זאַך ביי אַ מענטשן, אפשר נאָך אינטימער ווי זיין ערשטע ליבע; און דער, וואָס וואַרפט אַרויף זיין רעליגיע אויף פאָלק און כלל, איז אפשר גלייך ווי ער וואָלט זיין געליבטע פרוי אַרויסגעוואָרפן אויפן מאַרק.

„קומט, שלאָפט מיט מיין פרוי, זי איז די בעסטע און שענסטע אין דער וועלט. ווען איר וועט מיט איר שלאָפן, וועט איר מיט קיין אַנדערע פרויען נישט וועלן פאַרקערן".

* * * *

קירכעס, שולן און מעטשעטן דאַרפן זיין פּאַר בין אדם לחברו, אָבער צו אַ גאָט — אויב עמיץ האָט אַזאַ אָדער אויב עמיצער האָט נאָך זיינע אַלטע חשבונות מיט זיין גאָט פון זיינע אבות — מתפלל זיין קען מען נאָר אין אַבסאָלוטער יחידות.

די גרויסע מיסטיקער האָבן אַפּילו אויסער זיך אַליין געוואָלט זיין, ווען זיי האָבן מתפלל געווען; זיי האָבן פון זיך, פונם אייגענעם גוף געוואָלט אַנטלויפן.

ווען אונזערע שולן, טעמפּלען קירכעס וועלן ווערן גרויסע און אמת בין אדם לחברו קלובן, וועט ווערן איין שול, איין סדור, מיט די בעסטע תפילות און פּאָעמעס פון אַלע פעלקער און שפּראַכן . . . און די שיין פון געטלעכקייט וועט זיך אפשר דאָס ערשטע מאָל אויפלויכטן אויף אַלעמענס טעמפּל און דער צעבראָכענער און פאַרשוועכטער צלם-אלהים וועט אפשר אָנ-הויבן גאַנץ ווערן.

אַנישט, וועט די מענטשהייט, דער מענטש, זיך אַליין אומברענגען פון אונטער די הימלען.

* * * *

פילאָזאָפישע אידעאַליסטן און רעליגיעזע מענטשן נעמען אויף דעם מאַרקסיזם ווי אַ וואולגאַריזאַציע און באַליידיגונג צוליב דער מאַ־טעריאַליסטישער אינטערפּרעטאַציע פון דער געשיכטע. פאַר וואָס? וואָלט ניט נאָך אמתר און גרינגער געווען צו באַווייזן אַז דער פּ ר ע ס — דער חטוף ואכול — איז דער הויפּט פאַקטאָר אין דער מענטשלעכער געשיכטע.

זיי זאָגן וואָס דיזראעלי האָט געזאָגט וועגן דאַרוויניזם: „זיי ווילן בעסער באַלאַנגען צום צד פון מלאכים ווי צום צד פון מאַלפּעס“. און דאָך קוקט זיך גוט צו ווי אַ פרומער רב עסט אַ קאָפּ פון אַ קאַרפּ, אַ בישאָפּ אַ פּעט שטיק העם, אַ פּאַרטיי־פירער אַ פּולקע פון אַ הין און ווי אַ וועגעטאַריער קייט ראָזשינקעס און מאַנדלען (וועלכע ער גיט אַ „פלײשיקן“ נאָמען) און זאָגט מיר צו די העויות וואָס זיי מאַכן עסנדיק זענען שענער ווי די פּונם הונט ווען ער גריזעט אַ ביין אונטערן טיש אָדער אין אַ ווינקל ביי דער טיר קיינער זאָל ביי אים דעם ביסן פון מויל ניט אויסכאַפּן, ווייל.. ער האָט ניט קיין פּאָליציי, קיין רעליגיעס און עסטעטיקס וואָס זאָלן היטן און קאַנאָניזירן זיין פרעס...

„ווען דריי מענטשן עסן ביי א טיש און דברי תורה איז גלייך ווי זיי וואָלטן געגעסן זבחי מתים" — און ווען זיי זאָגן יאָ דברי תורה איז ניט ווי זיי וואָלטן געגעסן אבר מן החי ? . . .

בעסער צו ווערן א מענטש פֿון א מאַלפּע איידער א חיה פֿון א מלאך.

די בעסטע פּראָפּאַגאַנדע פֿאַר מאַרקסיזם מאַכן די קאַפּיטאַליסטן און זייערע פּאָליטיקער און ניט מאַרקס „קאַפּיטאַל".

* * * *

ווען אונזערע לאַקריץ־זיסע יידן, וועלכע האָבן זיך און זייער יידישקייט לעצטנס אָנגעהויבן קריסטלען, זאָגן אָפן אַז דאָס זוכן זיי אין דער אמתן א וועג צו אַסימילירן זיך מענטשלעך מיט מענטשן אָן נאָכקרימעניש און נישט פֿאַרלירנ־דיק דאָס ביסל אינדיווידועלע, וואָס זיי האָבן, וואָלטן זיי נישט אַזוי לאַקריץ־זיס און פֿאַלש גע־ווען; ווייל מיר זענען אַלע — יידן און נישט־יידן — גרייט צו אַסימילירן, פֿאַרדייען דאָס בעסטע פֿון אַלע נאַציאָנאַלע שאַפֿונגען און רע־ליגיעס. אַנישט, וואָלטן פֿעלקער דאָך אויפֿגע־הערט איבערצוזעצן פֿון פרעמדע שפּראַכן און

ליטעראַטורן; אַנישט, וואָלטן מיר דאָך אויפגע־
הערט לערנען אין אונזערע שולן און אוניווערזי־
טעטן די גריכן, העברייער, כינעזער, דייטשן,
רוסן אא"וו.

* * * *

דאָס בעסטע פון אונזער שאַפן — און אויך
דאָס מיטלמעסיקע — האָבן די אומות העולם
שוין לאַנג אַסימילירט און פאַרדייט; אפשר
נישט ווייניקער און נישט בעסער און ערגער ווי
מיר אַליין. (וויפיל יידן האָבן עס פאַרשטאַנען
און אַסימילירט און פאַרדייט די נביאים?) און
האָט אונזער קבלה אונזער זוהר און אונזער
שפּעטערער חסידיזם נישט אַסימילירט אַ סך פון
קריסטנטום און אַנדערע פּרימיטיווע מיסטישע
לערעס? — און פאַרקערט.

* * * *

רעליגיע און טעאָלאָגיע — די געשיכטע פון
אַנטוויקלונג פון רעליגיעס און רעליגיאָנס־פילאָ־
זאָפיע — טאָרן נישט אויסגעמישט ווערן. טעאָ־
לאָגיע איז אַ פאַך, אַ קאַטעדרע, אַ וויכטיקער
צווייג פון קולטור־געשיכטע, אָבער איך דאַרף
נישט זיין קיין סטאָליער כאָטש איך קען זיך

נישט באַגיין אָן אַ טיש. און ווען איך הער אַ „נייעם קריסט", אַ יידן, וואָס קריסטלט זיך, דיס־קוטירן מיט טעאָלאָגישע אַרגומענטן „וועלכע רעליגיע איז בעסער", מוז איך זיך דערמאָנען אָן היינעס באַרימט ליד, וואָס ענדיקט זיך מיטן וואולגאַרן „אַלעביידע"...

ווייל גאָט, אמתע רעליגיע, וואוינט נישט אין זייער האַרצן.

*   *   *   *

איז שוין אפשר זינד און פאַלשקייט אויפ־ריכטיקער ווי אויפריכטיקייט?

אָ, ווי נמאס איז מיר אָפט מיין אויפריכטי־קייט און ווען קאָרעקט זיין.. עפּעס ווי איינער וואָלט געגאַנגען מיט פּסיעות קטנות אויף אַ די־נעם שפּיגל־אייז... און איך פאַרשטיי דעם אינסטינקטיוון אומצוטרוי פון מאַנכע חברים־פריינט:

אָט גייט דער וואָס וויל דוקא זיין אַנשטענדיק, דזשענטלמעניש קאָרעקט, ווייל...

*   *   *   *

ווען איך פאַל כורעים פאַר דיר גאָט
און מיינע ציטעריקע קני
צוטרעטן אַ מערעשקע אויף די קאַלטע
שטיינער
און עס ווייסט דערפון ניט קיינער
אין דיין מקדש אין דער פרי . . . —
ווערט מיין תפילה ניט צו שפּאָט?

* * * *

און דאָך האָבן יידן, דאַכט זיך, ליב דאָס לעבן און טאַקע לעבן. יידן זענען אמתע פּאַגאַנער ווען ס'קומט צו אכילה. ניט אומזיסט האָבן מיר אַזוי פיל קולינאַרע דינים. אַפילו זייער רעליגיעזער קאָדעקס הייסט „שלחן ערוך"..דאָס לעצטע פון וואָס אַסימילאַטאָרן און משומדים קענען ניט אַנטרינען זענען די פעטע יידישע מאכלים. אין די יידישע כשר רעסטאָראַנען „בליט" נאָך יידישקייט. און וואָס רייכער און „אַריסטאָקראַטישער" דער כשר רעסטאָראַן איז אַלץ בעסער און יידיש באַטעמטער איז ער. און וואָס פאַראַ סענסואַליסטן זענען מיר געווען און זענען עד היום . . . פּרו ורבו איז ביי אונז אי אַ מצוה אי אַ געשמאַקער ביסן . . .

דאַכט זיך ביי קיין פאָלק קען מען ניט טרעפן אזוי פיל קלאַסיש־פּאַגאַנישע פּנימער פון סאַ־טירן, פאונען א.א. ווי ביי אונז....

איך זאָג עס ניט מאזאכיסטיש נור אפילו מיט א התפעלות: מיר זענען אפשר דאָס פּאַגאַניש־סטע פאָלק וואָס האָט געמאַכט א שלעכטן שידוך מיט יעהאָוואן... מיר האָבן אים גע־פּרואווט לעבעדיק און ליידנשאַפטליך מאַכן און ער האָט אונז געהאַלטן אין איין פאַרטיליקן... מיר האָבן געמיינט ער וועט צוימען אונזער לעבנס-לוסט און קילן אונזער הייס בלוט און ער האָט אונז פאַרקריפּלט....

איבסענס, דאַכט זיך, וואָרט אז „א נביא איז געשלעכטלעך געגליכן צו א קאטער" קען גע־מאָסטן ווערן אויף אונז: דאָס פאָלק פון נביאים און קאטערס...

* * * *

הלואי וואָלטן מיר אָנגענומען דעם העלעניזם אין א"י: מיר וואָלטן געמאַכט פונם מזרח א אמתן גן עדן. (פיל מער און גרינגער ווי עס וואַגן איצט צו חלומן די עקסטרעמסטע מאָדערנע ציוניסטן) און די גאַנצע היינטיקע וועלט וואָלט

גליקלעכער און ראַציאָנאַלער געלעבט אַן יעהאָ־
וואַן און אַן זיין ניט־געזועצלעכן זון . . .

* * * *

מפּלות מאַכן מאוסער אויסזען, געבויגענער
און קליינוואוקסיקער: ווען איך שפּאַציר לעצטנס
אין אונזערע יידישע גאַסן ווײנט אין מיר דאָס
האַרץ — אוי וואָס דער היטלעריזם האָט אונז
אָפּגעטון . . .

* * * *

הלואי וואָלט איך געקענט גלויבן אין דער
אצילות פונם יידישן פאָלק, אין זיין בעסערקייט
און איידלערקייט פון אַנדערע פעלקער! דאַן
וואָלט איך אפשר געקענט פּאַראַפראַזירן דאָס
באַרימטע וואָרט פונם פראַנצויזישן אַריסטאָ־
קראַטישן פּאָעט: „לעבן? זאָלן די קנעכטישע,
פּלעבייאישע פעלקער — די עמי-הארץ —
לעבן".

אָבער מיר אַלס פאָלק זענען נישט אַריסטאָ־
קראַטישער און איידעלער פון אַנדערע פעלקער.
יידן „טויגן זיך" צום לעבן און האָבן נאָך מער
ליב דאָס לעבן ווי אַנדערע. אפשר „אַ דאַנק"
דעם גלות; און די ספּעציפישע געפאַרן, האָבן

גורם געווען זיי זאָלן אַזוי שטאַרק זיין צוגע־
בונדן צום לעבן ? און אפשר איז עס דער מזרח
אין אונזער בלוט ?

ווי קאַלט געלאַסן באַגעגענען דעם טויט די
נאָרדישע מענטשן ; און די יללות אויף יידישע
לוויות . . .

„לעבן ? זאָלן די מגושימדיקע, ערדישע פעל־
קער לעבן !“

אָבער עס זענען נישטאָ קיין אַריסטאָקראַטי־
שע און פּלעבייאישע פעלקער, נאָר בלויז מענטש־
לעכע ; און דאָס לעצטע איז דאָס טראַגישסטע
און פּאַטאַלסטע.

טז.

## צדקה תציל מחיים

ישראל איז אייביק:

דאָס יידישע פאָלק וועט אונטערגיין, אָבער אינזערע פאַרשידענע צדקה־חברות וועלן בלייבן, וועלן לעבן אייביק. און אַזוי ווי לויט אַלע טרויעריקע אויסזיכטן וועלן זיך די פאַרשידענע דזשאָינטס און אַנדערע נאַציאָנאַלע און אינטער־נאַציאָנאַלע לאַנדסמאַנשאַפטלעכע און פאַטריאָ־טישע הילפס־אָרגאַניזאַציעס זיך שטאַרק פאַר־מערן, קענען די פון אונז, וואָס גלויבן נאָך אינם נצח ישראל זיך טרייסטן: די גאַנצע שארית־הפליטה אונזערע וועט זיין קאָנצענטרירט אין די צדקה־חברות: אַלע איבערגעבליבענע יידן וועלן זיין „אָפישעלס“, אָנגעשטעלטע און גבאים פון די פאַרשידענע צדקה־אַנשטאַלטן (און מעמאָ־ריאַל־חברות). (און די גאַנצע פרעסע און לי־טעראַטור — מיט נאַציאָנאַלע מקוננים, ירמיהוס און בעלי-תשובה) און די יונ"א וועט זיין אַזוי הומאַניטאַר און פול מיט סימפאַטיעס צום יידישן פאָלק און זיינע לידן, אַז זי וועט געבן

די אַנגעשטעלטע און שליחים פון אונזערע צדקה־חברות פּראַכטפולע אוניפאָרמען פון אונרר"א א"א. און מיר וועלן האָבן פּאָלקאָווניקעס, גענעראַלן, קאַפּיטאַנען: די קלענסטע וועלן זיין לייטענאַנטן, ווייל די, וואָס וואָלטן געקענט זיין פשוטע זעלנער, וועלן זיין מיטן אונטערגעגאַנגענעם פאָלק.

און אונזערע צענדליקער און צענדליקער צדקה חברות וועלן זיין שטאַרק ביזי מיט זייערע דעמאָנסטראַציעס פונם נצח ישראל, וועלן מאַכן פּעריאָדישע באַזוכן צו אונזערע נאַציאָנאַלע בית־עלמינ'ס, אָרגאַניזירן מעמאָריאַלס, אַרויסגעבן יזכור־, חורבן־ און אַנדערע שוואַרצע ביכער: כאָרן קדיש־זאָגערס, און ס'וועט זיין עם ישראל חי!...

* * * *

מיר זען שוין קיין עין־הרע, אָט די מחנות פון אונזערע צוקונפטיקע שליחים, אָט די מבשרים און עדות פונם נצח ישראל. זיי יאָגן, פליען שוין אַרום מיט זייערע דיפּלאָמאַטישע פּאַספּאָרטן איבער די חורבות־אייראָפּע אין זייערע שיינע און רייכע אוניפאָרמען. זיי זען, קיין עין־הרע, אויס שיין אין זייערע האַלב מיליי־

טערישע מונדירן און זאָגן עדות, אַז מיר וואָלטן געקאָנט זיין אַ פאָלק צו פעלקער גלייך, ווען . . .

* * * *

און אַזוי ווי זיי מאַכן, קיין עין־הרע, אַ גאַנץ שיין לעבן און קריגן גאַנץ פיינע און לייטישע געהאַלטן, ווי עס פּאַסט זיך פאַר פאַרטרעטער פון אַזאַ טרויעריק פאָלק, אַזאַ „אַנלאַקי פּיפּל", קענען מיר האָפן, אַז זייערע שיינע, שטאָלצע און „סמאַרטע" פרויען — די פרויען פון מענער־אָפיצירן — וועלן אויך וויסן ווי אַזוי פיין אויפ־צוהאָדעווען זייערע קינדערלעך און זיי נישט איינגאַנצן צו דערווייטערן פון די שיינע יידישע טראַדיציעס און זיי לערנען האַלטן טייער אין געדעכטעניש אונזערע נאַציאָנאַלע פאָלקס־חורבנות; קענען מיר שוין גאַנץ ראַציאָנאַליס־טיש און רעאַליסטיש האָפן אַז אין אַ פאָר הונ־דערט יאָר אַרום, אויב ס'וועלן נישט זיין קיין פערטע און פינפטע אַטאָמישע וועלט־מלחמות, וועט זיך אויספיקן אַ באַנייט יידיש גלות־פאָלק מיט אַ נייער יידן־פראַגע אויף דער וועלט־בינע.

און גיי גלויב נישט אינם נצח ישראל.

* * * *

ווען נאָך קומען אַמאָל אַ צייט, (ווען אַלעס וועט גיין כשורה) ווען די רעשטלעך פונם נצח ישראל אין גלות וועלן אָנקלאָגן די „היברו נע־שאָנעל האום" (זי וועט שוין נישט הייסן „דזשו־איש") צו דער יונ"אָ, פאַרוואָס זיי ווילן נישט אַריינלאָזן זייערע אַמאָליקע ברידער־יידן, וואָס רייסן זיך קיין א"י?

און די רעגירונג פון דער „היברו רעפּובליק" וועט נישט ווייניקער גערעכט טענהן, אַז, ערש־טנס, מוז זי זיך רעכענען מיט די נאַציאָנאַלע מלוכה-אינטערעסן; און אַז, צווייטנס, האָט זי שוין גאָרנישט צו טון מיט די גלות־יידן — די רעשטלעך פון אַן אָפּגעשטאָרבענער זינדיקער ראַסע, וועלכע איז אין דער אמתן קיינמאָל העב־רייאיש נישט געווען...

* * * *

איך דאַרף שוין זוכן מיט ליכט אַ קאָלעגע — אַ יידישן שרייבער צי דיכטער — וואָס איז שוין נישט קיין אָנגעשטעלטער אין איינער פון די גרויסע און קליינע צדקה־חברות און הילף־אָרגאַניזאַציעס. און וויאַזוי איך בין געבליבן אינדרויסן פון די אָרגאַניזאַציעס און די פּאַר־טייען איז טאַקע אַ נס, אַ וואונדער פון שלימ־

מזלדיקער נישט־פּראַקטישקייט און אַלט־מאָדישן סענטימענטאַליזם. און איך בין פאָרויס זיכער, אַז אויב איך וועל אָפּדרוקן אָט דאָס בוך פון לעסטערונגען וועט מען זאָגן, אַז דאָס האָט ער געשריבן דערפאַר, ווייל ער איז געווען פאַרבי־טערט און האָט נישט געקראָגן אַ חשובן צדקה־פּאָסטן און האָט נישט קיין פּרנסה...

און ווער איז אים שולדיק, אַז ער איז אַזאַ שלימזלניק און האָט נישט געקענט געפינען אַ „דזשאָב" אַפילו ווען זיין פאָלק האָט זיך געפונען ביים תהום פון אונטערגאַנג?

* * * *

און ס'קען זיין, אַז אַלע אַנדערע פעלקער וועלן מיט דער צייט זיך אויך געפינען אין דער זעל־בער לאַגע, ווי מיר געפינען זיך, אויב די דעמאָ־קראַטישע, סאָציאַליסטישע און קאָמוניסטישע שטאַטסמאַנשאַפט וועט ווייטער אָנגיין אַזוי, ווי זי גייט אָן אַצינד. פעלקער וועלן אויסגע־ראָטן, אויסגעריסן און אויפגעריסן ווערן, צענד־ליקער מיליאָנען וועלן אויסגיין פון הונגער און ס'וועלן בלייבן נאָר גרויסע אונרר"א־אָרגאַניזאַ־ציעס... די ערד וועט בלייבן נאַקעט און וויסט, ווי אַ מויל מיט אויסגעבראָכענע ציין.

נאָר איין גרויסע צדקה-חברה וועט בלייבן מיט א רויטן קרייץ.

און ס'וועט מקוים ווערן די נבואה, אַז דאָס אויסדערוויילטע פאָלק וועט זיין אַ מוסטער און אַ משל פאַר אַלע פעלקער פון דער ערד.

* * * *

די אַלטע טראַדיציאָנעלע יידישע צדקה האָט געראַטעוועט דעם נצח ישראל. נישט פון טויט, נאָר פון אויסלייזונג און פון אַ געזונט, לעבעדיק לעבן.

און אויב ס'איז נאָך נישט שפּעט — און מיר ווילן נאָך אַלס פאָלק און מענטשן ווידער אויפ־לעבן — מוזן מיר צום אַלעם ערשטן אָפּשאַפן די יידישע צדקה.

די יידישע צדקה איז אפשר די ערשטע סבה וואָס האָט די ערשטע געשאַפן די געטאָס אי־בעראַל, דעם קראַנקן יידישן סעפּאַראַטיזם...

צדקה איז געווען דער גיפטיקער סערום, וועלכער האָט פאַר צוויי טויזנט יאָר אויפגע־האַלטן דעם גלות אין אַ קראַנקן צושטאַנד; ווען מיר יידן האָבן געוואַנדערט פון לאַנד צו לאַנד — און אַלע פעלקער האָבן געוואַנדערט

— פלעגן מיר פארפאָרן גלייך צו אונזערע צדקה־חברות.

מיר האָבן זיך זעלטן ווען באַזעצט אין נייע לענדער, מיר האָבן זעלטן ווען געפּרואווט איינ־נעמען לענדער, באָדן דורך אַקערן און זייען. מיר פלעגן, ס'רוב, פאַרפאָרן אין אונזערע אַלט־היימישע הכנסת־אורחים, כלערליי לינת־הצדקס, סומכי־נופלים און תומכי־עניים חברות און אַנ־דערע נאַציאָנאַלע הקדשים, און דאָרט האָט מען אונז שוין געהאָלפן זיך נעמען צו אייגענע פרנסות — יידישע פאַכן און פרנסות...

* * * *

אויך די ערשטע קריסטלעכע קהילות, וואָס זייער רוב זענען געווען יידן, האָבן זיך אין דער פאַרשפּרייטונג אין דער דיאספאַרא אויפגע־האַלטן אַדאַנק דער צדקה — דער הויפּט מאַטע־ריאַליסטישער און גייסטיקער פאַקטאָר אין זייע־רע ברידערשאַפטן און לאַנדסמאַנשאַפטן — נור זיי, די קריסטלעכע קהילות, האָבן זיך אַדאַפּ־טירט, נאַטוראַליזירט און אַזוי אַרום איינגענו־מען און באַהערשט די לענדער פון זייער גלות און געירשנט די רוימישע אימפּעריע; נור די ערשטע יידישע קהילות אין גלות, די גולי יהודה

זענען געבליבן ביי זייער צדקה... הויפּטזעכ־
לעך מן הסתם דערפאַר ווייל די ערשטע קריסטן
אין גלות זענען געוואָרן אייפעריקערע מיסיאָ־
נערן ווי די יידן; מיסיאָנערן פון אַ אוניווערסאַ־
לער מער אפשר דעמאָקראַטישער אמונה, אַ
אמונה פאַר אַלע געצנדינערישע און קנעכטישע
פעלקער; און יודאיזם איז אין פאַרגלייך גע־
בליבן עזאַטעריש, אַריסטאָקראַטיש־אויסדער־
ווײלט, און אַ נאַציאָנאַלע רעליגיע אין די ראַמען
פון זייערע בתי כנסיות און לאַנדסמאַנשאַפטן
— פּריוווילִיקע געטאָס — וואָס האָבן זיך אויפ־
געהאַלטן מיט צדקה.

די טענות פון די אַנטיסעמיטן אַז די יידן ווילן
איינגעמען די וועלט נעמען זיך מן הסתם דער־
פון וואָס די ערשטע קריסטלעכע קהילות (צווישן
וועלכע עס זענען געווען אַסך שטאָם־יידן) האָבן
ט א ק ע איינגענומען די וועלט. אָבער זייער גע־
שיכטלעכער זכרון איז שוואַך.. און זיי האָבן
זיך געכאַפּט צו שפּעט.

* * * *

די גרויסע פירער פון אונזערע צדקה־חברות
אין אַלע צייטן און לענדער זענען, ס׳רוב, געווען
די רייכע אַסימילירטע יידן.

אַזוי גאָר אַמאָל, אַזוי אין די מאָדערנע צייטן. שטענדיק זענען אין דער שפּיץ, אין דער לייטונג פון אונזערע צדקה־חברות געווען די פאַרשידע־נע באַראָנען הירש, מאָנטעפיאָרע, ראָטשילדס וועלכע האָבן אַלס אַ כּפּרה פאַר דער אייגענער אַסימילאַציע אויפגעהאַלטן און געשטיצט די „פרומע אָרימקייט“.

מיט זייער אינדיווידועלן גייסט פון „אַדווענ־טשאר“ און אונטערנעמונג, איז זיי געלונגען „איינגעמען לענדער“ און רייכטימער: אייניקע פון זיי זענען געווען אמתע אימפּעריען־בויער און זיי איז געלונגען אויך איינגעמען די הויכע געזעלשאַפט, זיך אַסימילירן, ווען מען האָט זיי אַליין און זייערע רייכטימער אויך געוואָלט אַסימילירן.

איז צדקה געוואָרן זייער לעצט ביסל געוויסן, בכלל און יידישער געוויסן, בפרט. און אַזוי ווי זיי האָבן, אפּנים, אטאוויסטיש נאָך אַלץ מורא געהאַט פאַר דעם אַלטן יידישן גאָט פון זייערע אבות, איז צדקה געוואָרן זייער לעצטע יידישע שטרוי. און ווי יעדע פילאַנטראָפּיע דעמאָראַלי־זירט, אַזוי האָט די יידישע פילאַנטראָפּיע טאָפּלט דעמאָראַליזירט די יידישע מאַסן אין גלות.

און אַלץ דערפֿאַר, ווייל די יידישע אַסימילאַ־טאָרישע נדיבים האָבן נישט געוואָלט פאַרלירן זייער לעצטן אָנהאַלט, זייערע „גילט־עדזש סע־קיוריטים" מיטן אַלטן יידישן גאָט: ווער ווייסט אפשר וועלן די אַקציעס נאָך שטייגן? זאָלן זיי זיך וואַלגערן אין דער אייזערנער קאַסע...

זיי „געמבלען" אויך מיט אַ גאָט און בויען אַמאָל קירכעס און אַמאָל סינאַגאָגעס.

* * * *

פילאַנטראָפּן זענען אפשר נאָך ערגער פון טי־ראַנען, סאַטראַפּן און דיקטאַטאָרן: ביידע זענען פאַרליבט אין מאַכט און זוכן מאַכט איבער מיטמענטשן: די לעצטע מיט בייטשן און פאַר־קנעכטונג און עבודת פרך; און די ערשטע האָבן ליב צו זען מיליאָנען חניפה און דאַנק־שמייכע־לעך, וואָס איז אפשר נאָך דעמאָראַליזירנדיקער.

* * * *

זעט מיט וואָס פאַר אַן עקשנות אונזערע מאָ־דערנע יאַהודים האַלטן אָן די פאַרשידענע יידי־שע צדקה-חברות: זיי ווערן אויפגעקאָכט, ווען זיי הערן רעדן פון אַ יידישער מלוכה: זיי לייק־קענען, אַז ס'איז דאָ אַ יידיש פאָלק, יידישע

שפּראַך, ליטעראַטור. אָבער יידישע צדקה לאָזן זיי נישט אַרויס פון זייערע אַסימילירטע פעטע הענט.

זיי און זייער גלויבן אין בירגער־רעכט און זייער פּאַטריאָטיזם פאַר די געבורט־לענדער וואָלטן דאָך אַזוי לאָגיש געדאַרפט און געקענט פאָדערן, אַז אַלע פּאַראַייניקטע פעלקער און מלוכות זאָלן העלפן זייערע יידישע בירגער און פאָדערן רעהאַבילִיטאַציע ווי פאַר אַלע אַנדערע בירגער.

דאָס איז דאָך אַזאַ געזונטער און שכל־הישר׳־דיקער פּרינציפּ, אָבער ניין: אינם פרט פון צדקה זענען זיי די גרעסטע יידישע נאַציאָנאַליסטן. זיי זענען יידן נאָר צוליב משה׳ס גלויבן און אין זייערע גאָלדענע סדורימלעך איז דאָ איין וואָרט: צדקה.

יידיש פאָלק און יידיש לעבן מעגן און דאַרפן אונטערגיין; אַ יידיש פאָלק איז לא היה ולא נברא. די יידישע שפּראַך האָבן זיי פיינט... אָבער אין דער יידישער צדקה האַלטן זיי זיך אפילו, ווען עס גראָבט אונטער זייער גאַנצע וועלט־אַנשויאונג. און זייער אייגענע אַסימילאַציע.

* * * *

און איצט — „בלעק־מאַרקעט“־צדקה; בלעק־מאַרקעט־צדקה פאַר „טעראָריסטן“, פאַר רעוויזיאָניסטן; פאַר ישיבות, פאַר יידיש — משיח וועט קומען צורייטן אויף אַ שוואַרץ־„בלעק־מאַרקעט“־אייזעלע.



טז.

# מענטשן האבן עס געטון...

„אַ צרה, וואָס איז נאָר אַ יידישע צרה, איז קיין צרה נישט; אַ צרה, וואָס איז אויך אַן אַלמענטשלעכע צרה, איז אַ יידישע צרה".
(מדרש דברים רבה, פ"ב)

דאָס שוידערלעכסטע, יאושדיקסטע און פאַר־טאָלסטע אין אונזער איצטיקער חורבן העם — אפילו שוידערלעכער און שווארצער ווי די זעקס מיליאָנען פאַרשניטענע און אומגעקומענע יידן און די אויסגעוואָרצלטע און אויסגערוימטע יידישע ישובים — איז דאָס וויסן, אַז מענטשן האָבן דאָס געמאַכט; אונזערע מיט־מענטשן, באַשעפעניש, וואָס באַלאַנגען צום אייגענעם מין, וואָס מיר; די באַשעפעניש, וואָס זענען באַגאַנגען אָט די בל-תשחית-אכזריותן, באַלאַנגען צו דעם זעלבן מין, וואָס זייערע קרבנות — די זעקס מיליאָן יידן.

רופט זיי דייטשן, נאַצים, פאַשיסטן, אָבער אין תוך זענען זיי דאָך גאָר מענטשן, אַזעלכע צוויי־פיסיקע ווי זייערע קרבנות זענען געווען.

ווי די נייטראַלע אומות העולם, וועלכע נעמען זיך אַזוי נישט צום האַרצן די בעסטיאַליטעטן, און... ווי מיר יידן פון דער שארית־הפליטה, וועלכע גייען דאָך איצט אַרום באַליידיקטע און אויסגעליידיקטע און שמאַרצן אַזוי פון די אכזר־יותן און וועלן נאָך לאַנג לאַנג, ביודעים ובלא יודעים, שמאַרצן, אַריינקוקנדיק אין די חורבות פון אונזערע נשמות (כאָטש יעדער פון אונז גייט אָן מיט זיינע געשעפטן, ביזנעס און מיט זיינע אייגענע טענות צו דער וועלט, זיין וועלט).

מענטשן האָבן דאָס געטון, אַזעלכע מענטשן ווי מיר, ווי אַלע מענטשן. דאָס איז דער שוואַרץ־אַפּל פון אונזער איצטיקער טראַגעדיע. ס'איז אונזער יידישע צרה, ווייל זי איז אין תוך און בעיקר אַן אַלמענטשלעכע צרה.

מיר האָבן נישט געוואוסט, די גאַנצע מענטש־הייט האָט נישט געוואוסט, אַז דער מענטש קען אַזוי נידריק געמיין־מענטשלעך פאַלן.

מיר קענען זיך ניט צו גלויבן אַז אַנדערע פעלקער — און אוודאי ניט מיר דאָס שוואַכסטע צווישן פעלקער — וואָלטן אויך געקענט זיין אַזוי סיסטעמאַטיש באַרבאַריש וויסנשאַפטליך און

פאַרברעכעריש ווי דאָס דייטשע פאָלק האָט זיך אַרויסגעוויזן... ווי דיסציפּלינירט פּאַטריאָטיש איז געווען די פּאַסיוויטעט, דאָס מאַכן זיך ניט וויסן פונם דייטשן פאָלק צו די מאַס־מאָרדן וואָס זייערע געליבטע פירער — די היטלערס, די הימלערס, די שטרייכערס האָבן באַפוילן און אָרגאַניזירט מיט דער אייפריקער הילף פון די טויזנטער און טויזנטער הערן פּראָפעסאָרן, דאָקטוירים א.א.וו. מיר קענען זיך דאָס ניט צוגלויבן, און ווילן ניט רעדן פון דער פּאַסיוויטעט פון די ניט דייטשע פעלקער מאַסן וועלכע האָבן ניט אָן „שאָדן פרייד" (אַ דייטש וואָרט וואָס איז דאַכט זיך ניטאָ אין אַנדערע שפּראַכן...) צוגעקוקט „ווי היטלער רייניגט אויס זייערע לענדער פון יידן".

און מיר ווילן ניט געדיינקען אַז צוליב „סטראַטעגישע טעמים" האָט מען זיך אָפּגעזאָגט באָמבאַדירן פון דער לופטן די דייטש־נאַצישע טויט־פאַבריקן.

מיר קענען זיך אַליין דאָך ניט באַרויבן פון אַ לעצטער אילוזיע פון אַ ציוויליזירטער מענטשליכקייט. און דאָך זאָג איך אַז דער שוואַרץ־אַפּל פון דער גרויזאַמסטער טראַגעדיע איז אַז די

דייטשן און די נאַצים זיינען מענטשן ווי אַלע מענטשן.

דער מערדער איז אַ שליח צבור ווי, להבדיל, דער צדיק וואָס איז מתפלל פאַרן כלל: דער ערשטער „קילט דאָס בייזע בלוט“ אין מענטשן; דער צווייטער שטילט דאָס בייזע בלוט און לויטערט אונזערע טרערן.

דער גרויסער געטע האָט אויף זיך געזאָגט אַז „ער האָט געקענט זיין אַ מערדער, אַ גנב, אַ קלייטניק... אַז אַלע מענטשלעכע פּאָטענצן זיינען אין אים...“ — יעדער מענטש קען עס זאָגן.

* * * *

אַ דריטל פון מיין פאָלק — ס'איז איצט נאָר פאַרשווענכנד די זעקס מיליאָן צו באַצייכענען אַלס דעם בעסטן און שעפערישסטן — איז אומגעקומען אין די גאַז-אויוונס, טויט-פאַבריקן און גיהנום-קאָנצענטראַציע-לאַגערן.

זעקס מיליאָן פון מיינע פאָלקס ברידער, פון מיינע מיטמענטשן, וועלכע טראָגן צופעליק אָדער נישט צופעליק דעם נאָמען ייד, און צווישן וועלכע איך האָב פונקט אַזוי געקענט זיין ווי מיינע פּערזענליכע פריינט צענדליקער שרייבער און קינסטלער, וועלכע מען האָט צוגענומען פון

פאַריז, וואַרשע, ווילנע א.ז.וו. — און דאָך פיי־
ניקט מיך אַממייסטן און אַמטיפסטן דאָס באַ־
וואוסטזיין, אַז מענטשן האָבן דאָס געטון,
אַזעלכע ווי איך, ווי מיינסגלייכן, ווי אונזער
אַלעמענסגלייכן.

* * * *

איך וויל פיינט האָבן די דייטשן — ס'איז
דאָך נאָר מענטשלעך פון מיין זייט — און איך
האָב אפילו לעצטנס, לייענענדיק אַ באַרימטע
ביאָגראַפיע פון געטען, אויסגעפונען, אַז אויך
אים האָב איך אינדעראמתן נישט ליב (פאַרליבט
אין אים בין איך קיינמאָל נישט געווען)
און ווען איך שפּאַציר אין דער נאַציאָנאַלער גאַ־
לעריע, גיי איך אָן חשק צו צו די בילדער פון
דירער און גראַנאַך, הגם עס פאַלט מיר גאָרנישט
איין, אַז איך דאַרף נישט ליב האָבן באַכן, מאָ־
צאַרט און בעטהאָווען, גלייך ווי מיט מוזיק גע־
הער זיך דאָס גאָרנישט אָן, גלייך ווי זיי וואָלטן
קיין דייטשן ניט געווען.

איך ווייס וואָס פאַר אַ געפערלעכער, פאַר
אונז יידן, גיפט נאַציזם און פאַשיזם זענען,
כאָטש איך האָב נאָך מער מורא פאַר די „דעמאָ־
קראַטישע, אַנטי - פאַשיסטישע פּאָליטיקער“,

וועלכע האָבן געהאָלפן בויען דעם נאַציזם און פאַשיזם און וועלן עס ווידער טון, ווען עס וועט זיך זיי לוינען. אָבער איך פיל טיף אין האַרצן אַז די טיפסטע וואונד דאָרט איז — מענטשן האָבן עס געטון.

ווי שווידערלעך איז די „נייטראַלע אוממענטש־לעכקייט", די לייטישע — אָפענע און באַהאַל־טענע — שאָדן־פרייד, מיט וועלכע די מיליאָנען אָקופּירטע נישט־יידן האָבן זיך צוגעקוקט צו דער פאַרניכטונג פון אונזער פאָלק. הגם מיר מוזן געדענקען אָן די נישט פילע מיליאָנען, וועלכע האָבן געראַטעוועט יידישע לעבנס.

מיר מוזן, ווייל ס'איז לעבנס־נויטיק צו גלויבן, אַז ס'איז דאָ נאָך מענטשלעכקייט אַרום אונז ווי אין אונז.

* * * *

איך גיי אין גאַס צווישן מענטשן, נאָך אַלץ ציוויליזירטע מענטשן, און דאָך קוק איך זיי שוין נישט מער אַזוי גלייך אין די אויגן, ווי אַמאָל, פאַר דער צווייטער וועלט־מלחמה.

איך בין נישט יונג און איך האָב שוין פריער געוואוסט, דוכט זיך, וואָס מענטשן זענען, אָבער נישט אַזויפיל מוראדיקעס, שרעקלעכס, ווי

אַצינד. עפּעס פאַריתומדיקט חיהשעס איז דאָ אינם מענטשן. איך שעם זיך איצט פאַר מיינע אייגענע פּים, פאַר מיין אייגן לייב און פאַר זיך אין שפּיגל: איך בין אַ מענטש, דו ביסט דאָך אַ מענטש, זאָג איך זיך אַליין — היט זיך, ביסט אַ מענטש. קוק, עס שפּריצט גיפט פון דיין גוטסקייט, לייטישקייט.

איך האָב איצט געקראָגן נאָך עפּעס אַ נייע דימענסיע־וויזיע פון זיך, פון מיינע מיטמענטשן, פון מיינע פריינט און חברים. מיר זענען דאָך מענטשן: און די נאַצים זענען דאָך נאָך אַלעמען און פאַר אַלעמען — מענטשן. מיין עסן, מיין שלאָפן, מיין רעדן גוטס אָדער שלעכטס האָט אַ טיפערן און אָפּשרעקנדיקערן זין געקראָגן.

די פאַרמישטע און צוזאַמענגעוויקלטע באַגריפן פריינט, שונא — האָבן איצט נאָך עפּעס אַמיין, אַן אָנזאָג און דראָאונג — אַן אייניקייט.

מענטשן קענען וואַרפן קינדער אין גאַזאויוונס. האָט קנוט האַמסון דערפון געוואוסט? וואָלט אַ געטע געזאָגט אַז ער וואָלט אויך דאָס געקענט טון? ....

— מענטשן.

איך קען פאַרשטיין און מוחל זיין, ווען איך

הער ווי יידן — און בכלל גענומען גאַנץ ראַציאָ־
נעלע און קולטורעלע מענטשן — רעדן פון „מיר
און זיי“ — מיר יידן און די אומות העולם.

איך קען פאַרשטיין און מוחל זיין, ווייל איך
רעד און קלאָג אויך אָפט אַזוי; בירושה און ווייל
עס טוט איצט אַזוי וויי, און מיר האָבן אַזוי
ווייניק מיטגעפיל און הילף פון די אַרומיקע פעל־
קער.

„מיר זענען אַרומגערינגלט מיט שונאים“;
אַלע ווילן אונז אומברענגען, אַלע האָבן אונז
פיינט. און כמעט ביי יעדן פון אונז קומט אויס,
אַז די גאַנצע וועלט איז פול מיט רשעים און
מיר אַליין זענען די שוואַכע, גערעכטע און אומ־
שולדיקע. עס טוט אַזוי וויי — איז פאַרשטענד־
לעך ווען מען רעדט און קלערט אַזוי. —

טיף אין האַרצן אָבער ווייס איך, אַז ס'איז
נישט אַזוי; אַז נישט אַלע פעלקער און מענטשן
זענען רשעים און מיר זענען נישט מער און נישט
ווייניקער פון זיי גערעכט. אַז משיח וועט קומען
וועט ס'וועט זיין כולו זכאי אָדער כולו חייב...

טיף אין האַרצן ווייס איך, אַז אַ ל ע
מענטשן זענען אין גלות: אַז נישט ישראל איז
אין גלות, נאָר דער מענטש, דאָס שטיקעלע

מענטש, דער נצוץ מענטש איז אין גלות ביי זיך
אַליין — ביי דער חיה מענטש.

* * * *

דאָס שוואַרצסטע און באַליידיקנסטע איז דאָס וויסן און געוויסן, אַז מיר יידן וואָלטן אפשר אויך געקענט זיין אַזוי געמיין און רשעות־דיק ווי אונזערע שונאים. ווי שווער, כמעט אומ־מעגלעך ס׳זאָל ניט זיין זיך עס פאַרצושטעלן.

וואָס איין מענטש קען טון קענען אַלע אַנדערע מענטשן טון אין די זעלבע אומשטענדן.

יעדער — דער געמיינסטער אפילו — מענטש איז אַ שליח צבור. מיט וואָס פאַר אַ פאַרגעניגן, באַפרידיקונג, מען לייענט פון מאָרד־פּראָצעסן, און ווי חיהש עס אָטעמט אַן עולם אין דער פינס־טער, ווען ער זעט אַ הייסן געשלעג אין אַ פילם.

וואָס איך קען נישט אַרויסיאָגן פון קאָפּ און פון מיין געוויסן — ווי איך וואָלט עס אַמאָל נישט געוואָלט — איז דאָס וויסן, די זיכערקייט, אַז טויזנטער און טויזנטער יונגע בלאָנדע נאַציס זענען נישט קיין ערגער מענטש־מאַטעריאַל ווי מיר זענען; אַז זיי זענען אַזוי גוט און אַזוי שלעכט ווי מיר זענען; אַז זיי זענען, דער עיקר,

דורכאויס מענטשלעך, ווי מיר זענען דורכאויס מענטשלעך.

זיי קענען זיין פאַלש אידעאַליסטיש, ווי מיר קענען זיין און זענען; זיי קענען דינען פאַלשע געטער, משיחים און פירער, פונקט ווי מיר קענען עס אַמאָל, ווי אַלע פעלקער און מענטשן.

וואָס פאַר אַ פאַרברעכן קענען מענטשן נישט באַגיין אינם נאָמען פון אידעאַלן און געטער!

און, דער עיקר, ווייל דער מענטש איז אַ חיה, וואָס מוז עסן, טרינקען — בלוט פאַרגיסן, לעבנס צונעמען; ווייל לעבן מוז פאַרציקן און פאַרדייען לעבן. וואָס פאַר אַ שוידערלעך היפּאָקריטיש־מענטשלעכע זאַך איז רחמנות; דאָס רחמנות־געפיל זאָגט שטום מיט פאַרשידענע הויות; איך בין נישט הונגעריק, איך בין זאַט און איך בין צופרידן וואָס קיינער טוט מיר דערווייל נישט וויי ווי דיר, ווייל איך בין נאָך שטאַרק און גליקלעך: און איך קען דיר צוּוואַרפן אַ שטיקל פאַשע, ווייל איך בין צופרידן וואָס דו ביסט מיין כפרה, און ווייטער קענסטו נאָך ווערן אַ פעטער קרבן ווען איך וועל זיין הונגעריק...

דערווייל זיי גוט און פרום, גיי אין מיין „ליין", דאַנק מיין גאָט, דיין־מיין גרויסן און הייליקן אידעאַל.

מען האָט רחמנות, ווייל מען איז דאַנקבאַר און צופרידן דערפאַר וואָס מען איז אַליין נישט אַ העסלעכער אָביעקט פון רחמנות.

* * * *

די צדקות פון קרבנות איז אפשר אינגאַנצן קיין צדקות נישט; די צדקות פון קרבנות איז די רשעות פון שוואַכע...

„מע־מע־מע", — שרייט אַ שה־תמים, ווען אַ וואָלף וויל עס פאַרצוקן. אָבער דאָס גערעטע־ווטע לעמעלע מיט די גאָט־די־נשמה־שולדיקע אויגן צופט די גרעזעלעך און עס אַרט עס גאָר־נישט ווען עס שלינגט אַראָפּ אין איין וועגס פליגעלעך און ווערעמלעך; עס וואַרגט זיך, חלילה, נישט.

און אַ שעפעלע איז דאָך אפשר אַ מלאך אין פאַרגלייך מיט אַ צדיק אפילו.

* * * *

זאָגט אַ היינטיקן יידן, אַז ער וואָלט אויך גע־קענט זיין אַ נאַצי, איז ער אייך גרייט צו צע־רייסן ווי אַ פיש. (און מען איז אויף מיר דער־פאַר בייז געווען) פּרובירט זאָגן, אַז מיר וואָלטן אויך געקענט זיין אַזוי אַפּאַטיש און קאַלט ווי די אומות העולם, ווען די זעקס מיליאָן קרבנות

זענען נישט אונזערע, וואָלטן זיי אויף אייך גע־
קוקט ווי איר וואָלט אַראָפּגעפּאַלן פון מאַרס און
ווייסט גאָרנישט וואָס ס'טוט זיך, און ווען מען
זאָל נאָך וואַגן זאָגן, אַז מיר וואָלטן אויך גע־
קענט דולדן מיט פאַרמאַכטע אָדער אָפּגעקערטע
אויגן בעלזענס און אַנדערע קאָנצענטראַציע־
לאַגערן — וואָלט מען אייך געוועזן גרייט צו...
פאַרשטיינען און מאַכן אַ קאָנצענטראַציע־לאַגער
אַ לייטישערן, מענטשלעכערן, פאַרשטייט זיך...
פאַר אַזעלכע „עוכרי ישראל“....

און דאָך ווייס איך און איר און אַלע, אַז
ס'איז אַזוי — —

*    *    *    *

ווען „דזשענטלמענס“, העכערע אָפיצירן און
באַאַמטע, מיט זייערע פאַרשידענע „קאָדן“ פון
האָנאָר, „קריקעט שפּילן“, „נישט שלאָגן אונ־
טערן גאַרטל“ און גלאַט „דיסנסי“, (אָנשטענדי־
קייט) זיצן אין זייערע עקסקלוסיווע קלובן ביי
אַ „וויסקי ענד סאדא“ און גיבן זיך אַזוי קאַלט,
„ביי טהי וועי“, אַ זאָג אָפּ:

„ס'איז אַ שאָד, וואָס מיר האָבן נישט געגעבן
היטלערן נאָך אַ פּאָר יאָר. ער וואָלט געענדיקט
דעם דזשאָב, זיי אינגאַנצן אָפּגערייניקט“... און

ער פילט זיך דערביי אַזוי ליטיש און ספּאָרטיש און... זעלבסטפאַרשטענדלעך... „ביי גאָלי!" — אָנשטענדיק.

האָבן נישט זיינע טאַטעס און זיידעס מיט דער אייגענער ליטישקייט געטענהט:

„מען האָט גערױבט די שטרייקנדע קוילן־גרעבערס אויסשיסן!"? „מען דאַרף דעם המון האַלטן אויף זייער אָרט"... „דעמאָראַליזירן דאָס פאָלק... נישט לאָזן זייערע קינדער רייניקן קוימענס... וואָס וועלן פון די „אוירטשינס" ווערן, גנבים, פאַרברעכער? דאָס איז נישט קריסטלעך"....

און ווען אַ פעטער ייד, אַ שוואַרצער־מאַרק סוחר, זיצט איבער אַ שיסל קרעפּלעך, רייבט אַריין אַ פולקע, אַ ביילק און אויפן פעטן מיזי־ניק שרייט אַ ברילאַנט און ער זיפצט יראת־שמימדיק: „זיי זענען אַלע רשעים, נישטאָ קיין איין ליטישער גוי"... „אָבער מיר וועלן גיין אויף דער פּאַפּירענער בריק" — איז ער ווייניקער היפּאָקריטיש? און מענטשלעך?

* * * *

מיר גייען אַרום אין גאַס באַליידיקטע, ווייל אונדז דאַכט זיך, אַז אין די נישט־יידישע אויגן

לייענען מיר: אַנטשולדיקט, עס טוט אונז לייד איר זענט יידן, די אידיאָטישע נאַצים האָבן מיט א י י ך געקענט טון אַזעלכע בעסטיאַלישע זאַכן.

און שלעכטערע נישט־יידישע אויגן זאָגן: נו, וואָס דען, אַז איר זענט יידן, און אינגאַנצן אומשולדיק זענט איר נישט א.א.וו.

דאָס קרענקט אונז, דאָס באַליידיקט אונז — אי ווייל דאָס דראָט דירעקט און אומדירעקט אונזער און אונזערע קינדערס צוקונפט (מענטשן מאַכן דאָך פון פרעצערענטן הכשרים); און אויך אָט די עגאָאיסטישע „קאָמפּלייסענסי“ אין „זייערע“ אויגן קרענקט אונז, ווייל זיי זענען זיכער, אַז מיט זיי קען עס נישט טרעפן; ווייל זיי זענען אַזוי צופרידן וואָס זיי זענען נישט קיין יידן.

און דאָס פיינלעכסטע פאַר אונז איז פאַרוואָס מיר קוקן איצט נישט אויף זיי ווי זיי אויף אונז, ווייל מיר וואָלטן פונקט אַזוי עגאָאיסטיש „קאָמפּלייסענט“ געווען ווי זיי, ווען דער אומגליק טרעפט אַן אַנדער פאָלק.

וואָלטן מיר זיך באַגראָבן פאַר שאַנדע ווען דער פאַרברעכן וואָלט באַגאַנגען געוואָרן געגן אַן אַנדער פאָלק?

יז.

# דער מערדער איז ניט מוחל זיין קרבן

מיר קענען און דאַרפן אפשר טרויערן ביחידות, ווייל אונזער טרויער איז אינטים, בחדרי חדרימדיק; אָבער אינגאַנצן איזאָלירן אונזער צער, אונזער „פּראָבלעם" פון אַלע אַנדערע פעל־קער און מענטשן, און זיך איינרעדן — מיר און זיי — די גאַנצע וועלט איז פול מיט רשעותדיקע פעלקער, וואָס ווילן אונז אומברענגען, האָבן מיר קיין רעכט נישט און ס'איז פאַלש, ווייל מיר זענען נישט גערעכטער פון אַלע אַנדערע פעל־קער; ווייל מיר זענען פּונקט אַזוי מענטשלעך ווי זיי זענען און ווייל זיי, זענען אויך נישט בעסער איינער צום אַנדערן און שחטן און פאַרדאַרבן זיך אַליין גלייך, ווי זיי וואָלטן יידן געווען, גלייך ווי אַלע פעלקער וואָלטן יידישער פעלקער געווען.

(און ווייטער איז גאָרנישט נויטיק און פּאָלי־טיש — נישט פּראַקטיש, זיך נאָך מער איינרעדן, אַז אַלע האָבן אונז פיינט, ווייל מיר זענען אַ טייל פון אַלע; און איזאָלירט, אַליין, קען איצט קיינער נישט לעבן).

* * * *

די דייטשן, ווי אַלע אַנדערע פעלקער וואָס האָבן אַקטיוו און פּאַסיוו, במזיד ובשוגג, געזינ־דיקט קעגן אונז, וועלן אונז קיינמאָל, דאַכט זיך, נישט מוחל זיין זייערע פאַרברעכנס קעגן אונז. דער באַעוולטער איז גיכער מוחל ווי דער, וואָס באַגייט די עוולה: דער קרבן איז גיכער מוחל דעם רוצח, ווי דער רוצח — זיין אייגענעם קרבן.

דער באַעוולטער האָט שטענדיק זיין גערעכטע טענה, זיין אָנקלאָג מיט זיי זיך צו טרייסטן; מיטן סך־הכל, אַז ער קען אַראָפּקוקן און אפילו רחמנות האָבן אויף זיין פאַרפאָלגער און רוצח: „נו, זע וואָס דו האָסט געטון! וואָס האָסטו דער־מיט געוואונען? דו אוממענטש, דו פּרא־אדם, אפילו דיינע בעסטע און נאָענטסטע פריינט וועלן דיר עס פאָרוואַרפן, ווען זיי וועט זיך לוינען". און דאָס געפיל פון שולד שפּייזט נאָר די שנאה צום קרבן, גלייך ווי נישט די אייגענע שלעכטסקייט און בלינדע גייציקייט און בלוט־דורשטיקייט, נאָר דעם קרבנס שוואַכקייט האָט גורם געווען דאָס פאַרברעכן: „דו געמיין, שוואַך באַשעפעניש, צוליב דיר, צוליב דיין עקזיסטענץ האָב איך באַגאַנגען אַ פאַרברעכן, וואָס זעטיקט נישט און מוטשעט נאָך דערצו. דו האָסט איינ־

גאַנצן נישט געדאַרפט עקזיסטירן, וואָלט איך פאַרשפּאָרט צו זינדיקן: דיין שוואַכקייט איז א גרעסערער פאַרברעכן, ווי מיין זינד פון געוואַלד; און דו עקזיסטירט נאָר צו רייצן און וועקן אַפּע־טיטן." — פּאָטענציעלע קרבנות שאַרפן די ציין פון פאַרציקער!

די דייטשן וועלן אונז, לענגער ווי מיר זיי, ניט מוחל זיין: דאָס געוויסן וועט זיי מוטשען, גראָבן אין דער שטיל, מורא האָבן פון אונז צו קלערן און אויף אונז צו קוקן, ביז זיי וועלן אויפ־שטעלן דורות פילאָזאָפן און מעטאַפיזיקער, וואָס וועלן זייערע קרבנות באַשולדיקן פונדאַסניי...

האָט מען אונז איצט ניט פיינט ווייל מיר זיינען נאָך אַלץ מעגליכע, פּאָטענציאַלע קרבנות? — דאָס געוויסן זוכט אַ תירוץ נאָך פאַרן פאַר־ברעכן.

קין האָט פיינט געהאַט הבל ווייל ער האָט פאָרויס געפילט אַז צוליב זיין ברודערס שוואַכ־קייט וועט ער מוזן באַגיין מאָרד.

* * * *

און אפשר וועלן מיר גיכער מוחל זיין די דייטשן, ווי זיי אונז, ווייל מחילה איז דער סנאָ־

ביזם, דער גרויס־מוט פון קנעכט, פון שוואַכע און אונטערלעקער....

* * * *

זעט ווי מאַנכע „הומאַניטאַרע יהודים“ לויפן שוין אַרום, איך בעט איבער אייער כבוד, אין דער עפנטלעכקייט מיט זייער „מחילה“ צום דייטשן פאָלק....

יח.

# כולו חייב...

**א.** הלואי וואָלט איך געקענט האָבן אַ אילוזיע וועגן אונזער אצילות:

ווען מיר הערן, אַז פּופּצן מיליאָן מענטשן וועלן אין די נעכסטע פּאָר חדשים אַוועקפאַלן פון הונגער אין אינדיע אָדער כינע — אַרט עס אונז יידן מער ווי די רשעותדיקע פעלקער אַרום אונז? און אַרט עס אונז נישט פּונקט אַזוי נישט ווי זיי נאָר דערפאַר, ווייל מיר האָבן אונזערע אייגענע שטערבלעכע וואונדן צו היילן, אָדער אויך דערפאַר, ווייל מיר זענען אויך נאָר מענטשן, וואָס געוואָלדעווען יושר, נאָר ווען עס רירט אָן זייער אייגענער פעל?....

מיר האָבן נישט מער פּראָטעסטירט פון די אומות העולם קעגן דער סאַקאָ־וואַנזעטי אַפערע; מיר פּראָטעסטירן נישט מער, ווען מען לינטשט אַ נעגער (און אייניקע פון אונז דאַנקען נאָך גאָט פאַרוואָס עס זענען דאָ נעגערס אין אַמעריקע, ווייל זיי ציען אָפּ די שנאה צו יידן...)

זענען די חסידי ישראל מער אין צאָל ווי די חסידי אומות העולם?

*     *     *     *

איך ווייס נישט וואָס איז זינדיקער און מענטשלעכער צו דער זעלבער צייט: די גלייכ-גילטיקייט פון די אומות העולם און זייער אינ־טעליגענץ צו אונזערע זעקס מיליאָן הרוגי־נאַציזם, צי דאָס גוטע לעבן ווי געוועגלעך מיט דעם אַלטן האַנדל־וואַנדל פון די גליקלעכע יידן אין ענגלאַנד און אין אַמעריקע? — וואָס איז ערגער, מענטשלעכער?

אונז קרענקט אַזוי, ווייל די קרבנות זענען אונזערע אייגענע און מיר האָבן געקענט זיין אונטער דעם אייגענעם גורל־דאַך; און דאָך איז „ביזנעס-עז־יוזשואל" מיט אַ זיפץ אַ נישט־ווייסנדיקן — אַמאָל אַ זיפץ פון אַנגסט און מורא — און מיט הויכע געשרייען, אַז מיר זענען אַרומגערינגלט פון רשעים.

* * * *

עס פּאַדריסט ווען אַ שאָו שרייבט אין די טעג אין דער „טיימס" וועגן זיין הכנסה־שטייער און וועגן פּאָנעטישער אויסלייגעכץ; און מיין יידי-שער פריינט, וואָס האָט זיך פאַר מיר געקלאָגט דערויף, קען איצט „אַפּאָרדן" צו שיקן זיין פרוי און קינדער „שיען" אין דער שווייץ, ווייל ער רעדט אַזוי שיין און דערפּאָלגרייך וועגן אונזער

גרויסן נאַציאָנאַלן חורבן — ווער איז זינדיקער (און מענטשלעכער) שאָו אָדער מיין פריינט?

* * * *

ווען מיינע פריינט — גוטע יידן — יידישע זשורנאַליסטן און „סאָשעל־וואָרקערס" שפּיגלען זיך אין זייערע אָפּיצירסקע אוניפאָרמען, זענען זיי „לייטישער" פון דער נישט יידישער אינטע־ליגענץ, וואָס וויל נישט רעדן און קלערן אפילו וועגן די גאַז־אויוונס און די קאָנצענטראַציע־לאַגערן?

און ווען אַ יידישער דיכטער וויל הערן קאָמ־פּלימענטן און אַפּלאָדיסמענטן פאַר זיינע נייע לידער פון צער און צאָרן — און נאַטירלעך גוט באַצאָלט פאַר זיין „בטול תורה" — איז דאָס „געוויסנהאַפטער" ווי דאָס שווייגן און פאַר־שווייגן פון דער קריסטלעכער אינטעליגנעץ?

און ווען איך לאָז אויס מיין ביטער האַרץ אין לעסטערונגען, קען איך, ווי איך זאָל עס נישט וועלן, אויסמיידן פּאָזע, פּראָפעסיאָנעל־שריפט־שטעלערישע אַמביציעס? האָף איך נישט שטי־לערהייט אויפצורודערן, אויפצושטורמען די יידישע וועלט מיט די ביטערע, גאַליקע אמתן?

* * * *

דער עגאָ שפּייזט זיך אָפּטמאָל פונם אייגענעם צער און ווערט אָפּטמאָל נאָך פון פּיין צופרידע־נער און געזעטיקטער, ווי פון וואוילטאָג.

דאָס אַזוי גערופענע מענטשלעכע געוויסן איז אַזוי אַקראָבאַטיש און גליטשט זיך אויף שאַרפן פון שווערדן און אָנגעזייפטע שטאַנגען: גליטשט זיך, דראַפּעט זיך ביז עס פאַלט אַריין אין אַ טעלער מיט פעטע קרעפּלעך אָדער אין אַ גלאָז בראָנפן, וואו ער — אָדער אפשר איז געוויסן אַ „זי" אָדער גאָר אַן „אדרוגינוס"? — זוכט זיך צו דערטרינקען אין שכורער פאַרגעסנקייט.

* * * *

האָט דער איצטיקער חורבן יעדן פון אונז לייטישער געמאַכט? זענען מיר בעסער געוואָרן בין אדם לחברו? מען פלעגט זאָגן, אַז צער לייטערט מענטשן — איז דאָס אמת? זענען מיר ריינער געוואָרן?

* * * *

אפילו דאָסטאָיעווסקי וועלכער האָט דערפילט אַז „די גאַנצע וועלט האָט ניט די ווערט די טרער פון אַ קינד" איז געווען גרייט מקריב צו זיין הונדערטער טויזנטער לעבנס און יתומים אַבי די רוסן זאָלן האָבן סעוואַסטאָפּאָל....

* * * *

מען שרייט, לאָמיר זיך צוריקקערן צו גאָט;
מיר דאַרפן ווערן מאָראַלישער און אַוועקגיין פון
די ראַציאָנאַליסטישע טעאָריעס און פּאָזיטיווע
וויסנשאַפטן! — און אָט די אַלע שרייער און
בעלי־תשובה האָבן איינער דעם צווייטן מער
פיינט ווי פריער און זענען גרייט איינער דעם
צווייטן צו באַשפּייען מיט שפּאָט און באַליידי־
קונגען.

* * * *

אַ סך פון אונזערע נייע פרומאַקעס האָבן
אַזעלכע קאַלטע פיש־אויגן, אויב זיי זענען נישט
קאַסאָקע פון קוקן איינצייטיק מיט איין אויג
צום הימל און מיט דעם אַנדערן אין אַ שליסל־
לאָך... (ביי די פּאָר אויפריכטיקע וואָס זוכן אַ
אַפּאָלאָגיע בעט איך מחילה).

* * * *

וויפיל שלעכטסקייט מוז זיין אין מענטשנס
האַרצן, ווען ער קען אויסקלערן אַ גאָט, וואָס
שטראָפט מיט מיליאָנען אומזיניקע טויטע דער־
פאַר וואָס מען האָט פאַרלאָזט זיינע דרכים און
אויפגעהערט צו וויקלען רצועות, וואָס שמעקן
מיט לעדער אויף די נאַקעטע לינקע אָרעמס?

* * * *

האָבן דען די אַריש־נאַצישע הענקער און אויפ־פּאַסער אין די קאָנצענטראַציע-לאַגערן נישט גע־זונגען אין די „ווייִנעכט“ פרום: „הייליקע נאַכט, שטילע נאַכט“? און ווייסן מיר, להבדיל, וואָס מיר בעטן און צו וועמען מיר בעטן, ווען מיר זאָגן „שפוך חמתך על הגוים“?....

קאַלט פינטלען די שטערן אין די ווייטע, הויכע רוימען און ווייסן נישט פון די הייליקע געזאַנגען און תפילות, וואָס וועבן זיך איין אין דעם גע־וועב פון לעבן און זיין מיט דעם געשריי פון לייבן אין די מדבריות, מיט דעם וואָיען פון שאַקאַלן, מיט דעם דונער פון וואַסערן און שכורן געלעכטער פון שוואַרצע און ווייסע זונות אויף אונזער ערד.

* * * *

דער מענטש, דער מענטש איז דאָס פּראָבלעם, דער שוואַרץ־אַפּל פון אַלע אונזערע מענטשלעכע, נאַציאָנאַלע און סאָציאַלע פּראָבלעמען. אויב מענטשן זענען פעאיק צו מאַכן בעלזענס, זענען מיר עס אויך פעאיק, און אַלע זענען עס פעאיק. און דער מין וועט זיך סוף כל סוף פאַרדאַרבן, זעלבסט־מאָרד באַגיין.

וועט די נעכסטע וועלט־מלחמה זיין אַן אַטאָ־מישע? וועט די נעכסטע וועלט־מלחמה זיין צווישן די סאָציאַליסטן און קאָמוניסטן?

וואָס איז דער חילוק?

מיר באַלאַנגען צו אַ מין, וואָס דענקט נישט פון זיך ווי פון איין מין, וואָס קען עס נישט.

„נאָך מיר מעג קומען אַ מבול“ — זאָגט יעדער מענטש און יעדעס פאָלק. ס'איז נאָך אַ גליק וואָס ער גיט נאָך צו: „נאָך מיר און מיינע קינ־דער און קינדס־קינדער“ — ווייטער און ברייטער זעט ער נישט; עס פעלט אים אָטעם און וויזיע.

*   *   *   *

ווען מען זאָל פרעגן וועמען עס איז, צי ער וויל לעבן אייביק — אפילו אַ נוטה למות, וואָס קלאַמערט זיך מיטן לעצטן אָטעם צום לעבן — וועט ער אָדער זי, גלויב איך, ענטפערן: גייט שוין, גייט, געוויס נישט. פע, אַ חלשות. ווער עס האָט צוגעזעען טיפע עלטער, אפילו די שענסטע, מיט די אַלע סימנים פון צולייגעכץ און צעפאַלונג, מוז זיך אָפּטרייסלען פונם גע־דאַנק אייביק לעבן.

און אפילו מען זאָל אַ דענקענדיקן און פילנ־
דיקן מענטשן צוזאָגן אייביקע יוגנט, וועט ער,
קענענדיק מער־ווייניקער דאָס לעבן, זיך אָפּשאָק־
לען: אייביק לעבן, ווען אפילו אייביק יונג זיין,
„צו מאָנאָטאָן“. און אפילו מען זאָל אים צוזאָגן
אַ „יום שכולו טוב“ אָן די מיאוסע דאגות און
זאָרג, וואָס אפילו יוגנט האָט, אָן בויכווייטאָק
און אָן ליבע־ווייען, וועט ער אַלץ קרימען מיט
דער נאָז: אייביק לעבן, פע, צופיל, צו מאָנאָ־
טאָן... עפּעס ווי אַ נאַרישע בלום, וואָס ווייסט
נישט פון ווינטערס און געוויטערס און איז איי-
ביק און אייביק אין דעם זעלביקן בליענדיקן צו־
שטאַנד.

*    *    *    *

מענטשן האָבן, ווייזט אויס, מער מורא פאַר
אַ סטאַטיש לעבן ווי פאַרן טויט, גלייך ווי אַ
סטאַטיש לעבן וואָלט געווען אמתער טויט, אין
דער צייט ווען אין טויט שרעקט אַממייסטן די
מיסטעריע פון טראַנספאָרמאַציע, דער סוד פון
גלגול.

מענטשן האָבן מער מורא פאַר דער אומבאַ־
קאַנטער פאָרם פון טויט ווי פאַרן טויט אַליין.
יעדער ווערט מיד און וויל און מוז גיין שלאָפן.

און דער גרעסטער און וויכטיקסטער אפשר טייל אין אַ מענטשנס לעבן באַשטייט אין פאַרבעטן זיך דאָס בעט — גייסטיק און מאַטעריעל, סימ־באָליש און רעאַליסטיש — פאַר דעם לעצטן שלאָף.

וואָס איז רעליגיע, אויב נישט אַ ווייך צו־קאָפּן־קישעלע, ווען מען פאַרמאַכט דאָס לעצטע מאָל די אויגן? —

מיט איין וואָרט, איך ווייס נישט צי וועלכער ס'איז מענטש, מעג ער זיין אַ הייליקער, אַ ביאָ־לאָג, וואָס איז גרייט אויף זיך אַליין צו עקספּע־רימענטירן אָדער דער גרעסטער פּחדן, וואָלט געוועזן אַ בעלן ביים פּולן זינען צו וועלן לעבן אייביק.

אַליין אייביק לעבן וויל קיינער נישט, אָבער פאָרטזעצן זיך און לעבן וויל און מוז יעדער „על־כרחך". דאָס איינציקע מעגלעך — געצוואונגענע — אייביק לעבן דורך קינדער אָדער זעלטענע באַ־פרוכפּערנדיקע געדאַנקען און בילדער.

און דאָך ווען מען ווייזט אַ מענטשן עטלעכע דורות פון זיינע „יוצאי ירך", פון זיינע זוימען — מיט די געוועזלעכע טראַגעדיעס, גראָבקייטן און דעגענעראַציעס, וואָלט ער זיך אפשר אָפּ־

געשאָקלט אויך פון דעם אייביקן לעבן און וואָלט אפשר מקנא געווען די הינט און קעץ אין זיין גאַס, וועלכע קענען נישט זייערע מאַמעס, טאַטעס און קינדער און רייסן זיך און שפּילן זיך אַרום ווי פרעמדע.

* * * *

און דאָך ווען מען זאָל ווענען ס'איז פרעגן צי ער וויל זיין פאָלק זאָל אייביק לעבן, וועט יעדער איינער, גלויב איך, ענטפערן מיט אַ זיכערן „יאָ".

פאַרוואָס זשע איז דאָס אַזוי?

ערשטנס, מסתמא דערפאַר, ווייל פאָלק און נאַציע, קאָלעקטיווע עגאָס, זענען אַבסטראַקטער פאַר יעדן יחיד ווי זיין אינדיווידועלער עגאָ, ווי זיין אייגן לייב און לעבן; וואָס זשע אַרט אים אַזוי שטאַרק ווען זיין פאָלק וועט אייביק לעבן און ראַנגלען זיך?

מיר וואַרפן אָפּט אַרויף אויף „אונזער" כלל חטאים און מעשים טובים, מיסיעס און פליכטן, וואָס מיר וואָלטן פערזענלעך נישט געוואָלט טראָגן.

און „אייביק לעבן" איז, ווייזט אויס, איינע

פון די גרויסע „ברכות“, וואָס יעדער פון אונז שאָקלט זיך אָפּ פון איר. אָבער וואָס קען עס מיר אָדער אייך שאַדן ווען אונזער פאָלק וועט אייביק לעבן ?....

זאָלן אונזערע פעלקער אייביק און אייביק ראַנגלען זיך מיטן ועל־כרחך אתה חי, אָן דעם ועל־כרחך אתה מת.

בלויז די פאָרשטעלונג פון אייביקן לעבן שרעקט אָפּ יעדן איינעם פון אונז, אָבער ווען עס קומט צו אונזער כלל, ווערט פון דער קללה אַ ברכה.

ס'איז מסתמא, ווי געזאָגט, דערפאַר ווייל אַ כלל איז פאַר אונז פיל אַבסטראַקטער. דער־פאַר ווינטשט זיך יעדער מענטש לאַנגע, געזונטע יאָרן: און אַלע נאַציאָנאַלע הימנען זינגען פון אַן „אייביק לעבן“.

* * * *

אָבער ס'איז דאָ נאָך אַ רעאַליסטישערע סבה: ווען מיר ווינטשן דעם כלל דאָס, וואָס מיר ווינטשן נישט זיך אַליין — אַן אייביק לעבן — איז עס נאָך מער דערפאַר, ווייל אין דעם כלל זען מיר אונזערע אייגענע קינדער און קינדס־קינדער.

יעדער פון אונז אַליין ווערט מיד און וויל אַליין נישט לעבן אייביק, ווייל ער לאָזט איבער קינדער נאָך זיך: ווייל זיי לעבן פאַר אים ווייטער און ווייטער; און אין זיי לעבט ער ווייטער און איז ממשיך זיין אמתע אייביקייט. און ער ווערט אַלט און מיד און וויל אַליין אייביק נישט לעבן, ווייל זיינע בעסטע לעבנס־זאַפטן האָט ער שוין זיינע קינדער איבערגעגעבן, אָדער זיי האָבן זיי ביי אים צוגענומען, ווייל ער לעבט שוין אין זיי און איז שוין האַלב טויט.

און פאָלק און לאַנד זענען נויטיקע פאָרמען און לעבנס-רוימען פאַר זיינע אייגענע קינדער.

ער וויל זיין פאָלק זאָל אייביק לעבן, ווייל ער וויל זיינע וואָרצלען און זוימען זאָלן קיינמאָל נישט פאַרשניטן ווערן, כאָטש ער קען נישט און האָט אפשר מורא צו זען מער ווי דריי צי פיר דורות פון זיינע קינדער.

און ער ווינטשט זיך זיין פאָלק זאָל זיין רייך און שטאַרק, זיינע קינדער זאָלן האָבן גענוג „עלנבויגן־רוים“ צו וואַקסן, צו בליען און ווייטער צו פרוכפּערן זיך און מערן.

* * * *

און דאָך לעבן אויך פעלקער — היסטאָריש באַקאַנטע — אויך נישט אייביק אונטער זייערע היסטאָריש־צייטווייליקע נעמען און דאַטעס. ווי יחידים, זעצן זיי פאָר זייערע לעבנס אין די פעלקער, וואָס ירשענען זיי, צווישן וועלכע זיי ווערן אַסימילירט, פאַרזאַמלט, נאָך דעם ווי זיי ווערן אַליין אַלט און פאַרלירן די כחות אַליין צו אַסימילירן, באַהערשן און באַפרוכפּערן.

וויפיל משפחות — אפילו די אַריסטאָקראַ־טישסטע און קעניגלעכסטע — זענען עס איבער דער גאָרער וועלט פאַראַן, וואָס זענען זיכער מיט מער ווי פיר צי פינף דורות עלטערן און אור־עלטערן? און ווער פון אונז וואָלט נישט אויס־געשריגן, „ניין, דאָס זענען נישט מיינע קינ־דער!" ווען עמיצער קען אונז ווייזן דריי צי פיר דורות אייניקלעך? (נישט רעדנדיק שוין פון די נאַטור און קריג־קאַטאַסטראָפעס, וועלכעס האַקן אָפּט אָפּ דעם נאָרמאַלן וואוקס פון אינ־דיווידועלן און קאָלעקטיוון לעבן) די ביבלישע יידן וואָלטן זיך אָפּגעזאָגט פון אונז ווי פון זייערע פאָלק־יורשים, און מיר פון זיי, ווען מיר קענען זיך באַגעגענען....

וואָלט דער עליזאַבעטישער ענגלענדער זיך

נישט אָפּגעזאָגט פון דעם היינטיקן פלעגמאַטיש־
פוילן „דיסענט־קלוב“ ענגלענדער, וועלכער לעבט
אויף דער אינערציע פון דער גוסםדיקער אימ־
פעריע און מיינט נאָך אַלץ, אַז ער איז דער בעל־
הבית פון דער וועלט; רעדט פון קריקעט און
שפּילט נישט קיין קריקעט און שלאָגט שוואַכע
און קראַנקע אונטערן גאַרטל?

* * * *

ניט נור גרויסע צדיקים ווערן „פאַרזאַמלט אין
פאָלק“ ווען זיי שטאַרבן, נור אויך יעדער
שטערבליכער. דער חלוק: די ערשטע פאַרזאַמלט
דאָס פאָלק באַוואוסטזיניק און מיט שטאָלץ.
ווייל וואָס גרעסער דער יחיד איז אַלץ מער פאָלק
איז אין אים, אַלץ מער מענטשליכע פּאָטענצן
זיינען אין אים.

די בעסטע און שעפערישסטע מענטשן —
גרויסע דיכטער, קינסטלער, דענקער, געלערטע
— זיינען גליקליך ווען זייערע בעסטע שאַפונגען
ווערן נאַציאָנאַליזירט און אוניווערסאַליזירט
(פאַרזאַמלט אין פאָלק); און ווען מען וויל צו־
נעמען ביי די אָרימע קליינע מענטשלעך זייערע
פאַרמעגנס, זייערע טעפּ גאָלד שרייען זיי:
„גוואַלד קאָמוניזם“ און זיינען גרייט אויפשטעלן

היטלערס, מוסאָלינים און מאַכן די בלוטיקסטע מלחמות.

דאָס בעסטע אין יעדן פון אונז און אונזער פאָלק איז אַלעמענס און באַלאַנגט צו אַלע; און דאָס ערגסטע אין יעדן פון אונז און ביי אונזער פאָלק איז אייגנטום־נאַציאָנאַלע און יחידישע, און דאָס ערגסטע צושטערט דאָס בעסטע.

* * * *

פעלקער שטאַרבן נישט; עס זענען נישטאָ קיין אַבסאָלוט־טויטע פעלקער. אין טויטע, פאַר־לאָשענע וועלטן — אויב עס זענען פאַראַן אַזעלכע — זענען אפשר פאַראַן טויטע פעלקער.

אין די היינטיקע פעלקער לעבן אַלע אַמאָליקע היסטאָרישע פעלקער און אימפּעריעס. אפילו די, וואָס זייערע נעמען זענען שוין לאַנג פאַרגעסן געוואָרן, לעבן אין אונז; זייערע קולטורן אין אונזערע קולטורן; זייערע געטער, אָפּגעטער און עבודה־זרות — אין אונזערע געטער און טעמ־פּלען.

פּונקט ווי מיר זענען יורשים פון דורות און דורות מענטשן, וואָס מיר קענען גאָרנישט, אַזוי זענען היינטיקע פעלקער יורשים, ווייטער

„לעבערס“ פון פעלקער, וואָס מיר האַלטן, אַז זיי זענען שוין לאַנג אונטערגעגאַנגען.

* * * *

ס'איז פאַלש, וואָס מען זאָגט און איינינקע גלויבן, אַז מיר זענען דאָס איינציקע אייביקע פאָלק.

מיר זענען אפשר אַ פאַרזעסן פאָלק, אָבער נישט אייביקער ווי אַנדערע פעלקער. מיר זענען אויך נישט דאָס עלטסטע פאָלק.

פעלקער שטאַרבן נישט, נאָך זעלטענער ווי יחידים. אַלע אַלטע פאַרשוואונדענע פעלקער, זייערע קולטורן און געטער, לעבן אין די איצטיקע פעלקער און זייערע קולטורן. זיי לעבן איצט אין אונז: די „אבארידזשינים“, די כנענים, פּלשתים, עמלקים און זייערע געצן לעבן נאָך עד־היום אונטער אַנדערע נעמען, פאָרמען און קולטן אין אונזערע אַבסטראַקטע און עטישסטע רעליגיעס.

* * * *

ווען עמיצנס אַ טאָכטער קריגט אַן אַנדער מאַנס נאָמען און זיי האָבן קינדער, וועלכע קריגן אויך אַנדערע נעמען, זאָגט נישט דער עמיצער, אַז ער לעבט שוין נישט. ער ווייסט, אַז ער לעבט

ווייטער און ווייטער אונטער אַנדערע נעמען ביז „ער“ מוז שוין פאַרגעסן די נעמען, וועלכע מישן זיך אויס, ווערן „פאַרזאַמלט“ אין פאָלק, צו פעלקער.

ווען ס'קומט אָבער צו פעלקער, זאָגן מיר, אַז זיי זענען אונטערגעגאַנגען ווי באַלד נאָר זיי האָבן געביטן זייערע נעמען, פרייוויליק צי גע־צוואונגען אָנגענומען אַנדערע נעמען; אין דער צייט ווען ס'איז פיל גרינגער פאַר אונז נאָכצו־זוכן און געפינען דעם שטאַם און יחוס פון די פאַרשוואונדענע פעלקער און זייער בלוט און קולטור־ירושה אין די איצטיקע פעלקער, ווי ס'איז אויסצוזוכן רעטראָספּעקטיוו די „פּעדיגרי“ פון וועלכער ס'איז יחסנדיקער פאַמיליע אָדער באַרימטן יחיד מער ווי פיר, פינף דורות.

*　*　*　*

פעלקער זענען אומשטערבלעכער ווי יחידים. מיר זענען די לעבעדיקע בית־עולמס פון די אַלטע „פאַרשוואונדענע“ קולטורן און פעלקער; און אפשר אויך נישט מער, ווייל יעדער היינטי־קער מענטש איז דער יורש און סך־הכל פון מיליאָנטער יאָרן עוואָלוציע.

יט.

# אסימילאציע

**אסימילאציע** איז אַ געזונטער, נאַטירלעכער, ביאָלאָגישער פּראָצעס וואָס גייט שטענדיק אָן.

אַסימילאַציע הייסט, באַפרוכפּערן און באַפרוכפּערט ווערן צווישן יחידים און קאָלעקטיוון — פעלקער, נאַציעס. אַמאָל און איצט פלעגט דער נויטיקער אַסימילאַציע־פּראָצעס פאָרקומען דורך גוואַלד־מיטלען: הייל־מענטש **ליבע צווישן זכרים־פעלקער און נקבות־פעלקער.**

און ווי אין סעקסועלן יחידישן לעבן, אַזוי אָפט אינם לעבן פון פעלקער און קולטורן זענען די זיגער אָפט געוועזן די באַזיגטע און די באַזיגטע — די זיגער. דאָס פּאַלעסטינעזער קריסטנטום האָט באַזיגט רוים, אָבער ווער איז דער זיגער? און די מלחמה איז נאָך נישט געענדיקט.

* * * *

אמתע אַסימילאַציע — איך מיין נישט די סאַלאָן־קנעכטישע נאָכקרימענישן פון די פּאַר־שידענע מיטעלע קלאַסן — איז ווי דער ליבע־

קאַמף צווישן די געשלעכטן: קושן און ביסן מישן זיך אויס, און די הייסטע ליבע — אומ־אַרמונגען זען אפשר אויס — ווען מיר קענען זיי באַאָבאַכטן — ווי אַ טויט־און־לעבן קאַמף צווישן צוויי חיות־נאַקעטע לייבער. מען רייסט און מען קנייפּט פון זיך שטיקער; אין ליבע־האַס ווערט געבוירן ניי לעבן.

* * * *

אַ פאָלק, וואָס האָט — ווי מיר יידן — מורא פאַר אַסימילאַציע, איז ווי איינע פון יענע יחסנ־דיקע פאַמיליעס, וואָס מאַכן שדוכים נאָר צווישן זיך אַליין. אַזעלכע פאַמיליעס מוזן גייסטיק און פיזיש סטאַגנירן, אָפּשטאַרבן.

פעלקער, וואָס קענען נישט — און ווילן נישט — נעמען פון אַנדערע, הערן אויך אויף צו געבן שעפעריש....

* * * *

אַסימילאַציע צווישן יידן און ניט יידן איז שטענדיק אָנגעגאַנגען, און איך וואָלט גאָרנישט געוועז איבערראַשט, ווען אַ גרויסער היסטאָרי־קער און אַנטראָפּאָלאָג קומט און באַווייזט, אויב ס'איז מעגלעך, אַז צווישן די איצטיקע פעלקער,

וואָס האָבן אונז אַזוי פיינט, איז דאָ מער אַלט־יידיש בלוט, ווי צווישן אונז, היינטיקע יידן: פונקט ווי די היינטיקע קולטור־פעלקער האָבן אפשר בעסער פאַרדייט די ביבל און די נביאים, ווי די היינטיקע צעזייטע און צעשפּרייטע יידן — חבל על דאבדין! — וועלכע האָבן אין די לעצטע פּאָר הונדערט יאָר געזוכט חסידיש צו נעמען פאַרדייען און פאַריידישן די קריסטלעכע עלעמענטן פון דער יידישער קבלה, פון זוהר און מיסטיציזם, בכלל.

איך ווייס נאָך עד־היום נישט צי מען האָט אין אַן אַלטן יידישן בית־המדרש אָדער חסידים־שטיבל מער יידישע אויגן געקענט זען ווי אין אַ שפּאַנישער קירכע.

ווען איך בין געווען אין שפּאַניען, האָב איך דאָרט, דאַכט זיך, מער יידישע אויגן און פּנימער געזען ווי אין אונזערע אַלטע היימען אַפילו. האָבן די פאַרבליבענע און אויסגעמישטע יידן אין שפּאַניען נישט געראַטעוועט מער יידישע לעבנס ווי די, וואָס האָבן זיך געלאָזט פאַרברע־נען על קידוש השם אָדער די אַנטלאָפענע און געראַטעוועטע ביז... צו די לעצטע גאַז־אויוונס?

* * * *

און אפשר איז דאָס די לעצטע און גערעכטע שטראָף פון פאַרפאַלגער און פאַרטיליקער — אַ ביאָלאָגישע שטראָף: זיי הויבן אָן ביסלעכווייז אויסזען ווי די קרבנות וואָס זיי האָבן פאַרניכטעט; גלייך ווי זיי וואָלטן מיט דער הילף פונם געוויסן וואָס פּייניקט זיי געשלעכטליך באַפרוכפּערט געוואָרן פון זייערע קרבנות. (דער געדאַנק פון וועלכן מען אַנטלויפט יאָגט נאָך און דערינאָגט).

און סקאָן זיין אַז אין עטלעכע יאָרהונדערטער אַרום וועלן די דייטשן אויסזען נאָך יידישער ווי די היינטיקע שפּאַניער... און יידישע טוריסטן וועלן זיך וואונדערן: ווי קומט עס וואָס די אור אור אייניקלעך פון די נאַצים האָבן אַזעלכע טרויעריקע יידישע אויגן?....

* * * *

אָבער אונזער אַסימילאַציע איז שטענדיק געווען אַ יחידישע, אַן אינדיווידואַליסטישע: גרויסע יידן זענען שטענדיק געווען „יוצאים וחוזרים" „חוזרים ויוצאים" און איבערגעוואָרפן גאָלדענע בריקן צווישן אונז און אַנדערע פעלקער און קולטורן: ישוע, רמב"ם, שפּינאָזאַ, מאַנטיין, מאַרקס, פרויד און צענדליקער אַנדערע גרויסע

יידן, און טויזנטער יידישע יחידים אין פאַרשי־
דענע צייטן און לענדער.

וועלן נאָך אַמאָל, אין אַ הונדערט יאָר אַרום,
שפינאָזאַ און מאַרקס ווערן די קאָנאָניזירטע
זיילן פונם אָרטאָדאָקסישן יידנטום ווי דער
רמב"ם איז איצט? אונזערע וואָלדאַ פראַנקס
ווילן עס שוין, דאַכט זיך, טון....

אָבער אַלס פאָלק זענען מיר „פאַרזעסן" גע־
וואָרן: זיך אויפגעהערט צו אַסימילירן און פאַר־
לוירן די „אַסימילאַציע־ווערט" פון זינט מיר
זענען פאַרטריבן געוואָרן פון ארץ־ישראל מיט
צוויי טויזנט יאָר צוריק. (און אַ דאַנק דעם
שרעקלעך־אייפערזיכטיקן יידישן גאָט, וועלכער
האָט נישט געוואָלט מיר זאָלן בלייבן אין אונזער
לאַנד אונטער פרעמדער הערשאַפט, וועלכע וועט
אַריינברענגען אַנדערע געטער) און אָן אַ לאַנד
קען אַ פאָלק זיך נישט אַסימילירן מיט אַנדערע
פעלקער און פאַרלירט דעם רייץ אַסימילירט צו
ווערן דורך אַנדערע פעלקער.

לענדער זענען די ליבע־בעטן, אין וועלכע קול־
טורן און פעלקער באַפרוכפּערן זיך. אַן אייגן
לאַנד איז אויך דער נדן, וואָס פעלקער גיבן, כדי
אַסימילירט צו ווערן און צו אַסימילירן.

* * * *

נאָר ווען מיר וועלן זיך צוריקקערן קיין ארץ־ישראל, וועלן מיר זיך אַלס פאָלק פּרוכטבאַר און שעפעריש אָנהויבן אַסימילירן און פעלקער וועלן זיך מיט אונז וועלן אַסימילירן. מיר וועלן ווערן צו פעלקער גלייך. אין דעם באַשטייט די גרויסע אוניווערסאַלע באפרייאונגס־ווערט פונם ציוניזם. מיר וועלן אויפהערן מזנה צו זיין מיט די פעלקער, ווען מיר וועלן ווידער האָבן אונזער אייגן לאַנד. מען וועט אָנערקענען אונזער נאַציאָנאַלן נדן, און מיר וועלן נעמען נדן.

* * * *

די אמת־גרויסע מענטשן, די נאַציאָנאַלע גאונים פון אַלע פעלקער און קלימאַטן, זענען מער ענלעך איינער צום צווייטן, פיל מער אַסימילירט צווישן זיך און האָבן שטענדיק אַסימילירט, געגומען איינער פון צווייטן פיל מער ווי די מיליאָנען קליינע מענטשעלעך, וועלכע שטאָלצירן יאַקבי מיט זייערע נאַציאָנאַלע גאונים און האַלטן אין איין געוואַלדעווען, אַז זיי ווילן נישט פאַרלירן זייער נאַציאָנאַלע אייגנאַרטיקייט, זייער נאַציאָנאַלן זשעני.

שעקספּיר, ניוטאָן, סערוואַנטעס, מאָנטיין, מאָליער וואָלטן מיט אמתן פאַרגעניגן פאַר־

בראַכט ביי אַ גלעזל וויין, אָבער זייערע מיליאָ־
נען פּאַטריאָטן וואָלטן זיך אין זייער נאָמען
גיכער צעהרגעט.

ס׳רוב טאַלאַנטלאָזיקייטן און בלייבע כּאַראַק־
טערלאָזע מענטשעלעך גייען אַרום און ציטערן
זיי זאָלן, חלילה, נישט פאַרלירן זייער אָריגי־
נאַליטעט, נישט באַמערקנדיק אַליין ווי זיי
האַלטן אין איין נאָכקרימען און נאָכמאַכן. נאָר
קראַנקע מאָגנס קענען נישט פאַרדייען שפּייזן,
און שוואַכע, אָרימע נאַציאָנאַליסטן האָבן מורא
צו לערנען פון פרעמדע, ווייל זיי האָבן נישט
קיין פאַרדייאונג־אינטעלעקטן.

אונזער באַוואוסטזיניקע אידעאָלאָגיש־פּאָלי־
טישע אַסימילאַציע איז געווען גייציג־פרעסעריש,
האָט געשלונגען אַלץ, וואָס איז פרעמד און עס
נישט געקענט פאַרדייען. נאַטירלעך־שעפערישע
אַסימילאַציע „נעמט איבעראַל פון יעדן וואָס
איז זיינס“.

דער אמתער גאון האָט נישט מורא ווי מאָליער
האָט געזאָגט „צו נעמען איבעראַל און פון יעדן
וואָס איז זיינס“. און אומעטום, וואו עס זענען
פאַראַן מענטשן און מענטשלעכעס, איז דאָ
„אונזערס“, ווייל מיר זענען מענטשן.

אונזער אַסימילאַציע, אין די ליבעראַלע יאָר-הונדערטער, איז דורכגעפאַלן דערפאַר, ווייל זי איז געווען סנאָביש כלפי חוץ און כלפי פנים: זי האָט נאָכגעקרימט דערפאָלגן, די אַזוי גערו־פענע העכערע שיכטן און פיינט געהאַט די אַרו־מיקע און נאָך מער דאָס אייגענע פאָלק, זיך אַליין; זיי האָבן נישט גענומען איבעראַל „זייערס", נאָר דוקא „פרעמדס", וואָס זיי האָבן נישט געקענט פאַרדייען.

*　*　*　*

אַ שאָד, וואָס דער גרויסער רוב ציוניסטן פאַר־שטייען אַליין נישט די גרויסע שעפערישע אַסי־מילאַציע־ווערט פון אַן אייגן לאַנד: זיי האַלטן אין איין מליצהדיק רעדן, אַז זיי ווילן אויפלעבן דעם גייסט פון די נביאים און זען נישט איין, אַז דערצו וועט נויטיק זיין אויפצולעבן די פרי־מיטיווע סאָציאַל־עקאָנאָמישע באַדינגונגען פון דער צייט פון די נביאים. קען מען דאָס און ווילן זיי דאָס?

זיי שרייען, אַז זיי ווילן אויפלעבן, אַז זיי לעבן אויף די העברעאישע שפּראַך און זענען אפילו נישט חושד, אַז אין פופציק יאָר אַרום — אויב נישט פריער — וועט דער א"י־דיקער העב-

רעאיש נאָך ווייניקער ענלעך זיין צו דער שפּראַך פון דער ביבל, ווי אונזער איצטיקער יידיש.

וואָס איז שייך אונזערע טראַגי־קאָמישע „יידישע קולטור און יידישע גאַנצקייט און איי־ניקייט“־געשרייען אין גלות — די פאַרשטיי איך גאָרנישט (און איך לעב און אַרבעט מיט זיי שוין אַזוי לאַנג). וואָס ווילן זיי אָפּהיטן און וויאַזוי? אין בעסטן פאַל בענקען זיי, דאַכט זיך, נאָך זייער קינדישער ראָמאַנטיק אין די קליינע יידישע שטעטלעך, ווען די ארבע כוסות האָבן אַזוי שיין געבלישטשעט ביי דער שיין פון די יום־טוב־ליכט און די פּסחדיקע לבנה איז געווען אַזאַ גרויסע ליל־שמורימדיקע. און די פאַר־שלאָפן־פאַרחלומטע קינדישע אויגעלעך האָבן געהערט ווי אליהו שפּאַצירט אַרום אין שטעטל...

מיר פאַרגעסן אָבער, אַז בשעת מיר האָבן עס „געזען“ מיט אונזערע קינדישע אויגן, האָבן אונזערע טאַטעס שוין געטראַכט, אַז „ס'איז שוין נישט דער פּסח פון זייערע קינדערשע יאָרן“...

*    *    *    *

דאָס בעסטע און געזונטסטע אין יעדן נאַציאָ־נאַליזם איז, דוכט מיר, די אינטימע ליבע צו אַ לאַנדשאַפט, צו אַ שטיק הימל און ערד. ס'איז

נאַטירלעך און געזונט, און ווען איר האָט ליב אייער נאַציאָנאַלע לאַנדשאַפט, האָט איר נישט פיינט אַנדערע לענדער און לאַנדשאַפטן.

יעדער מענטש האָט באַזונדער ליב זיין לאַנד־שאַפט, אָבער איך האָב נאָך נישט געהערט פון אַ מענטשן, וואָס זאָל פיינט האָבן פרעמדע הימ־לען און לאַנדשאַפטן — ווער וויל עס נישט פאָרן זען נייע לענדער? — אין דער צייט ווען ער האָט צו אָפט און אָן קיין סיבה פיינט פרעמדע פעלקער און כאַראַקטעריסטיקעס.

אַ מענטש קען צוגעבן, אַז ס׳זענען פאַראַן שענערע און רייכערע לאַנדשאַפטן, ווי זיינע, אין וועלכע ער איז אַזוי פאַרליבט, אָבער ער וועט קיינמאָל נישט צוגעבן, אַז ס׳זיינען דאָ בעס־סערע פעלקער ווי זיין, נאָר זיין פאָלק איז אויס־דערוויילט.

*     *     *     *

איך וויל זיין פאַרליבט אין אַ לאַנדשאַפט. דאָס איז מיין גאַנצע בענקשאַפט. און איך וויל מיינע קינדער זאָלן זיין פאַרבענקט אין אַ לאַנד־שאַפט, און אויב זיי קענען נישט זיין פאַרליבט אין אַ יידישער לאַנדשאַפט, אַרט מיך גאָרנישט זיי זאָלן זיין פאַרליבט אין דער לאַנדשאַפט פון

זייער געבורט אָבער שטאַרק פֿאַרליבט — אין יעדן גרעזל, אין יעדן טייכל.

די גרויסקייט און נויטיקייט פֿון אַ נאַציאָנאַלער פֿאָלקס-שפּראַך איז נישט איר נאַציאָנאַליש־קייט אָדער רייכקייט און היסטאָרישקייט, נאָר איר אמתדיקייט: אין אַן אייגענער שפּראַך און פֿאַר אייגענע זאָגט זיך לייכטער אַרויס דער אמת ווי אין אַ פֿרעמדער שפּראַך, אין וועלכער מען ווערט נישט ווילנדיק לומדיש פֿאָזעריש אָדער אַפּאָלאָגעטיש. אין נאַציאָנאַלע שפּראַכן זענען געשאַפֿן געוואָרן אוניווערסאַלע ווערטן; די נאַ־ציאָנאַלע דיכטער זענען די אוניווערסאַלע, ווייל זיי האָבן אין זייערע שפּראַכן דעם מאַקסימום אמתע מענטשלעכקייט געקענט ווייזן.

ווי בלייך־אַפּאָלאָגעטיש וואָלטן געווען די סערוואַנטעסעס, מאָליערס און דאָסטאָיעווסקיס, ווען זיי שרייבן אין פֿרעמדע שפּראַכן פֿון זייער פֿאָלקס לעבן?

וואָס פֿאַר אַ גוואַלדן וואָלטן אויפֿגעהויבן רוסן — און דאָסטאָיעווסקי אודאי בתוכם — ווען אַ פֿרעמדער שאַפֿט דעם כאַראַקטער פֿון אַ סמערדיאַקאָוו! (וועלכער איז אודאי מיאוסער ווי שיילאָק).

כ.

## גלות ווי די וועלט ווערט קלענער

**אונזער** וועלט איז קליין געוואָרן — הערן מיר לעצטנס פּאַניק־געשרייען פון אַלע זייטן. דער אמתער אמת אָבער איז, אַז אונזער כדור, אונזער ערד איז שטענדיק קליין געווען פאַר די זעער און פּאָעטן, וויסנשאַפט־לייט און פילאָ־זאָפן, וועלכע האָבן געזען שטערן און הימל און געוואַגט צו פאַרבלאָנדזשען אין אין־סוף. פאַר די קליינע מענטשעלעך מיט זייערע גרויסע אינ־טערעסעלעך און אַפּעטיטלעך, מיט זייערע גרויסע לענדער, אימפּעריעס, נאַציאָנאַלע גלאָ־ריעס און קולטורן, וואָס זענען שטענדיק פאַר־טיפט אין זייערע מאָגנס און קעשענעס — פאַר זיי איז אונזער וועלטל געווען אַזוי גרויס, אַזוי גרויס....

איצט האָט די מאָדערנע וויסנשאַפט און טעכ־ניק, אָניאָגנדיק דעם שעפּערישן געדאַנק, גע־מאַכט די וועלט אויך קליין פאַר די הונדערטער מיליאָנען קליינטשיקע מוראַזשקע־מענטשעלעך, געגעבן זיי פליענדיקע באַנען, שיפן און לופט־שיפן, און די מיליאָנען קליינינקע מענטשעלעך

האָבן דאָס ערשטע מאָל דערזען, אַז די וועלט איז קליין און זיי האָבן זיך אויף טויט דערשראָקן פאַר זייערע מעגעלעך, אַפּעטיטעלעך און וועלט־מלחמהלעך, מלוכות און אימפּעריעס.

גוואַלד געשריגן, אַן אומגליק האָט זיי גע־טראָפן: די וועלט איז קליין געוואָרן! די באָמ־בעס — אַזוי פלינק און מעכטיק, מען וועט דאָך נישט קענען מלחמה האַלטן, האָבן נאַציאָנאַלע זינגן און גלאָררייכע נאַציאָנאַלע מפּלות....

האָבן זיך מענטשעלעך דערשראָקן און אָנגע־הויבן קלערן, אפשר איז אַ פּלאַן מיר זאָלן זיך אָפּזאָגן פון די שבלדיקע וויסנשאַפטן און פון דער טעכניק, וועלכע האָבן אַזוי איינגעשרומפּן אונזער וועלטל און לאָמיר זיך בעסער אומקערן צו אונזערע גוטע, פרומע רעליגיעס, צו אונזער נאַציאָנאַלן גאָט, וועלכער האָט אונז אויסדער־ווײלט, פאַר אונז באַשאַפן אַזאַ גרויסע, גרויסע וועלט, וואו ס׳איז געווען אַזוי גוט מלחמה צו האַלטן, מאַכן ווייטע רויב-עקספּעדיציעס און הייליקע אינקוויזיציעס....

אַך די גוטע, פרומע אַלטע צייטן!

אַנדערע קליינע מענטשעלעך קלערן רעאַליס־טישער: קליינע וועלט — גרויסע וועלט;

מענטשן וועלן בלייבן מענטשן און זיי וועלן זייערע אידעאָלאָגיעס, רעליגיעס, אַמביציעס און אינטערעסן נישט אויפגעבן. מען וועט געפינען מיטלען אויך קעגן אַטאָמישע באָמבעס, און טיפע, טיפע שעלטערס אין דער ערד. אויב די וועלט וועט קלענער שטחדיק, האָריזאָנטאַל, וועט זי אָבער טיפער, טיפער פּערפּענדיקולאַר — אין דער אדמה.

*     *     *     *

די מאָדערנע וויסנשאַפט האָט מיט דער אַטאָ־מישער באָמבע מקרב געווען דעם קץ. וועלכן קץ? — פון דער פּרימיטיווער ציוויליזאַציע, אין וועלכער מיר האָבן ביז איצט געלעבט אָדער דעם קץ פון דעם גאַנצן מענטשלעכן מין?

*     *     *     *

ס'איז אַ וואונדער, וואָס אונזערע פאַרשידענע צער בעלי חיים חברות, וועלכע קענען צוזען און אַנטייל נעמען אין דער פאַרדאַרבונג פון מיליאָנען מענטשלעכע לעבנס, פּראָטעסטירן שוין נישט: מילא מיר גייען זיך, דער מענטשלעכער מין, אומברענגען מיט דער אַטאָמישער ענערגיע, אָבער מיט וואָס פאַר אַ רעכט גייען מיר פאַר־

ניכטן אַנדערע לעבעדיקע מינים און באַשעפע־
נישן: פויגל, קעץ, הינט, מוראַשקעס און אַנדערע
שרצים און רמשים... זיי זענען דאָך אודאי גאָט
די נשמה שולדיק.

*   *   *   *

די מאָדערנע טעכניק האָט קליין געמאַכט אונ־
זער וועלטל, אָבער וואָס איז פאַר אונז יידן באַ־
זונדער פאַטאַל: די מאָדערנע טעכניק האָט אויך
קליין געמאַכט דעם גלות, וועלכער איז אַמאָל
געווען גרויס און, דאַכט זיך, נאָך גרעסער ווי די
וועלט.

די אַלטע, אויסגעפּרואווטע גלות־סטראַטעגיע
פון „רוח והצלה במקום אחר" איז שוין אוממעג־
לעך געוואָרן. דער ראַדיאָ, דער לופט־פאַרקער
פאַרשפּרייטן יידן־האַס אין די ווייטסטע ווינקע־
לעך פון דער ערד.

*   *   *   *

ווי געזאָגט: ווען מען זאָל פרעגן וועלכן עס
איז יחיד, צי ער וואָלט געוואָלט לעבן אייביק,
וואָלט ער געענטפערט: ניין. און דער זעלבער
יחיד וועט זיכער ענטפערן יאָ, ווען מען וועט
אים פרעגן, צי ער וואָלט געוואָלט זיין פאָלק,

זיין נאַציע זאָל לעבן אייביק, נישט קוקנדיק דע־
רויף וואָס זיין פאָלק איז אינערלעך צעריסן אויף
קלאַסן, קאַסטעס, שיינע און מיאוסע מענטשן,
גליקלעכע און אומגליקלעכע; און נישט קוקנדיק
דערויף וואָס ער קען לאַנג בשלום נישט לעבן
מיט זיין אייגענעם פאָלק־שכן, מיט זיין מיט־
אַרבעטער אין ביורא, אין פאַבריק — פאַר זיין
פאָלק ווינטשט ער אייביק לעבן. נאָך מער, ער
איז איבערצייגט, אַז זיין פאָלק מיט דער גלאָר־
רייכער געשיכטע — און אַלע נאַציאָנאַלע גע־
שיכטעס, ווי מען לערנט זיי אין די שולעס, זענען
גלאָררייכע — פאַרדינט צו לעבן אייביק, מער
ווי אַנדערע פעלקער.

פאַרוואָס קלערט אַזוי דער יחיד? ווייל אין
זיין פאָלק זעט ער די צוקונפט פון זיינע קינדער
און קינדס קינדער, פון זיינע לייב־נאָענטסטע.
אַליין וויל ער אייביק נישט לעבן, ווייל זיין
לעבנס־אינסטינקט זאָגט אים, אַז זיין אומ-
שטערבלעכקייט איז אין זיינע קינדער: אַז
זיינע קינדער וועלן פאָרטזעצן זיין לעבן, די
פאָרמען פון זיין לעבן, וואָס זענען אים באַקאַנט,
וואָס ער זעט אין שפיגל און אין וועלכע ער איז
פאַרליבט.

(פון די אַנדערע שטאָפן, לעבנס און באַשע־פענישן, וועלכע קענען אַרויסקומען פון זיין צע־לייגטן, שטאַרבנדיקן קערפּער, וויל ער נישט קלערן, ווייל זיי זענען אים אַ סך פרעמדער).

אָבער זעלטן פרעגט זיך אַ מענטש, צי ער וואָלט געוואָלט זיין מין, דער מענטשלעכער מין, זאָל לעבן אייביק? פאַרוואָס נישט? איז עס דערפאַר, ווייל די פראַגע איז צו ווייט און ברייט, צו אַבסטראַקט פאַר זיין שכל און וויזיע, ער זאָל זי קענען קאָנקרעטיזירן? אָדער איז עס פאַר אים קיין פראַגע נישט, ווייל ער איז זיכער, אַז דער מענטשלעכער מין וועט שטענדיק עקזיס־טירן, נישט קוקנדיק אויף די פאַרשידענע וויסנ־שאַפטלעכע און פּאָעטיש־פּראָפעטישע שפּעקו־לאַציעס און השערות? אָט פונקט ווי ער גלויבט נאָך עד־היום אין דעם „והארץ לעולם עומדת" אָדער, אַז די זון וועט זיך קיינמאָל נישט אויס־לעשן.

*   *   *   *

ווער גלויבט עס אויף אַן אמת, אַז אונזער ערד דרייט זיך? ווער פון אונז גלויבט עס נישט „טיף אין זיין מענטשלעך האַרץ", אַז אַלע זונען, מזלות און שטערן דרייען זיך אין דער אמתן

אַרום אונזער ערד, אָט דעם טייערן שטיין גע-
פאַסט אין אַן אומענדלעכן רוים מיט אומצאָ־
ליקע גאָלדענע זונען, זילבערנע לבנות און ברי־
ליאַנטענע שטערן, אָט דער טייערער ערדיש־
געטלעכער טראָן — אָט דער „פעלזן אין אַ זיל-
בערנעם ים" — אונזער ערד, אויף וועלכער עס
זיצט פון אייביק ביז אייביק און קעניגט דער
מענטש, דער מענטש....

אָט דער פיטשינקער, אַליין הערשנדיקער ענגאָ.

*    *    *    *

און דאָך קומט שוין די צייט, ווען די פראַגע
וועגן דער צוקונפט פון מענטשלעכן מין ווערט
אַ פּראַקטישע. ניין, אַ רעאַל־פּאָליטישע פראַגע.
פיל פראַקטישער און רעאַל־פּאָליטישער ווי סאַי
וועלכער נאַציאָנאַלע, סאָציאַלע אָדער אימפּעריי־
אַליסטישע פּראָבלעמען.

*    *    *    *

עס איז שוין געקומען די צייט, ווען יעדער
בירגער, יעדער ייד, מוז אָנהויבן דענקען, קלערן
און זאָרגן קאָסמיש, גלאָביש; אויב נישט, וועלן
נאָך אַ פּאָר גלאָבישע מלחמות צעברעכן אָט דעם

טייערן ערדישן טראָן און דעם אַטאָמישן ענגאָ־
מענטשעלע.

* * * *

האָט דער פּרימיטיווער מענטש מער געקענט „געזען" און געזאָרגט פאַר אונזער כדור, פאַר אונזער וועלטל ווי דער מאָדערנער שטאָטיג ציוויליזירטער מענטש מיט זיין געאָגראַפיע, אַסטראָנאָמיע, געשיכטע, ראַדיאָ און עראָפּלאַן אין וועלכן ער קאָן אַרומקרייזן דעם גאַנצן כדור הארץ אין אַזויפיל און אַזויפיל שעה'ן ?

עס קאָן זיין אַז יאָ.

דער פּרימיטיווער מענטש האָט אפשר מער געקלערט, געפילט (די גרעניצן צווישן געדאַנק און געפיל זיינען נאָך ניט אויסגעפּאַרשט...) און געזאָרגט פאַר דער גאַנצער באַשאַפונג ווי פאַר זיין שבט, ווייל ער האָט זיך געזען האָמאָגעניש מיט דער גאַנצער באַשאַפונג, ווייל ער האָט זיך געזען ווי אַ טייל פונם גאַנצן אַרום און אַרום... (מיר קענען עס פאַרשטיין אין אונזערע זייער זעלטענע פּרימיטיוו־שעפערישע רגע'ס).

ער האָט אויף אַלע פיר געשטאַרט פאַרוואונ־דערט און פאַרחדושט אויף אַ זון אונטערגאַנג און מורא געהאַט פאַר זיך און דער וועלט... אַ

לקוי חמה צו לבנה האָט אים אַריינגעוואָרפן אין אַ פּאַניק פאַר זיך און דער וועלט — פאַר דער גאַנצער באַשאַפונג.

דערפאַר האָט ער אויך אין נאַטור כוחות געטער — איז עס ניט דאָס אייגענע וואָס מיר רופן געטליכקייט — דערזען....

דער ציוויליזירטער מענטש, דער „האָמאָ סאַפּיענס" (אויסער אַ פּאָר פיינע פּאָעטן) ווייסט ניט פון וועלט־געפאַרן: ער ווייסט נור און האַלט אין איין שרייען פון נאַציאָנאַלע, פּאָטערלאַנד געפאַרן, ציוויליזאַציע און קולטור געפאַרן, גע־פאַרן פאַר היסטאָרישע אינסטיטוציעס, טראַדי־ציעס, געפאַרן פאַר יחידישע און קלאַסן אינטע־רעסן... ווען די וויסנשאַפט זאָגט אים אַז אין עטליכע מיליאָן יאָר אַרום וועט זיך די זון אויס־לעשן, לאַכט ער און דער פּרימיטיווער מענטש וואָלט עס באַלד דערזען און וואָלט זיך אפשר אויף טויט דערשראָקן....

זאָרגן מיר ניט פאַר דער וועלט, פאַרן גאַנצן כדור ווייל אין אונז לעבן די גלויבנס, רע־ליגיע און געטער וואָס אונזערע פּרימיטיווע אור עלטערן האָבן פאַר אונז אויסגעחלומט, ווייל זיי האָבן יאָ מורא געהאַט און געזאָרגט פאַר דער

גאַנצער באַשאַפונג? דער ציוויליזירטער מענטש האָט פאַרוואַנדלט די נאַטור אין אַ דאַטשע, באַוואונדערט זי ווי אַ „פּיקטשור פּאָסט קאַרד״... און ווען ער איז שוין גאָר ראַפינירט-ציוויליזירט זעט ער לאַנדשאַפטן אַלאַ קאָראָ, קאָנסטאַבל אָדער טערנער. . . .

אַ אילוסטראַציע:

ווען די האַליי־קאָמעט האָט זיך געדאַרפט אָנשטויסן מיט אונזער ערד — ס׳איז געווען אין 1908־9, איך בין דאַן געווען אין א״י — האָבן מיר זיך פאַרזאַמלט אויף אַ בערגל זאַמד אין דעם צוקונפטיקן תל אביב און געלאַכט און געשטיפט.

די פּאָר ציימונגען וואָס מיר האָבן דאַן געקראָגן פון אייראָפּע, האָבן, געדענק איך, אין אַ מין האַלבן ערנסט זיך געזעגנט מיט אונזער וועלטל און ציוויליזאַציע (ס׳איז נאָך דאַן געווען ניט אַזאַ שלעכט וועלטל) און מיר אַ טייל פון דער דאַמאָלטיקער א״י יוגנט־טאַטשעצניקעס, קאָמעניעטיאַסן, שומרים, בצלאַלניקעס און גלאַט פּאָעטן — וועלכע האָבן געזען אַלע נאַכט דעם לאַנגן עק פונם קאָמעט, האָבן זיך געמאַכט פריילעך. מיר האָט אָבער עפּעס נאַאיוו באַנג געטון פאַר אונזער וועלטל. . . .

— וואָס האָסטו מורא ? — האָט ברענער פון מיר פאַטערלעך געלאַכט....

— ניט פאַר מיר, האָב איך זיך פאַר אים פאַרענטפערט און זיך ווי געבעטן ווי אברהם פאַר סדום איבערקערעניש, אָבער די נביאים... אַ לע־אָנאַרדאָ, אַ מייקעל אַנזשעלאָ, אַ שעקספּיר... וואָס זיי קענען אויך אומקומען ?... זיי ?...

אָבער ברענער האָט געלאַכט אויף זיין שטייגער:

— אָבער אַלעס און אַלע וועלן דאָך אומקומען, נאַרעלע... און ס׳וועלן ניט זיין קיין ליידן קיין יסורים... קיין יידן־פראַגע...



כא.

# יוגנט און עלטער

אין די יונגע יאָרן פלעג איך אָפט טענהן אַז א „לייטישער מענטש" טאָר ניט לעבן מער ווי פערציג: באשר אין די מיטעלע יאָרן ווערט אַ מענטש ציניש, פּרעסעריש און מיאוס; יוגנט לעבט, אין די מיטעלע יאָרן גענימט מען פון לעבן. יוגנט לעבט ספּאָנטאַן, נאַטירלעך, עלטער — באַוווסטזיניק, אויסגערעכנט און נאַשעריש.

אָבער וואָס עלטער איך בין געוואָרן האָב איך אַלץ ווייטער און ברייטער אָנגעהויבן אויס-שפּרייטן די גרעניצן פון אַ „לייטיש מענטשליך לעבן"....

און דאָך גיב איך אויך איצט צו אַז ס'איז דאָ עפּעס אין דער „טעאָריע", באַזונדער אין די מינוטן פון מידקייט, רעזיגנאַציע און עקל פון די שווידערליך אידיאָטישע פּאַסירונגען אין אונזערע טעג און יאָרן.

מיר באַדויערן לעצטנס אַסך ווייניקער דעם טויט פון יונגערע מענטשן, גלייך ווי דער פאַרלוסט וואָלט ניט געווען אַזוי גרויס אין שווערע, מיאוסע צייטן.

און אַסך מאָל כאַפּ איך זיך ווי איך בין גאָר צופרידן וואָס אייניקע גוטע פריינט און שעפּע־רישע מענטשן זיינען געשטאָרבן פאַר דער צייט — פאַר די בעלסענס און טרעבליאַנקעס.

*    *    *    *

יוגנט איז ניט נור פיזיש אָן אַן ערך שענער פון עלטער, נור אויך פיזיש, אין אויסזען קאָס־מאָפּאָליטישער, אינטערנאַציאָנאַלער ווי עלטער.

יונגע מענטשן פון פאַרשידענע פעלקער און ראַסן זען אויס ענלעכער איינער צום צווייטן ווי עלטערע מענטשן פון פאַרשידענע נאַציעס. דעם נאַציאָנאַלן טיפּ געפינט מען ס׳רוב צווישן מיטליעריקע און עלטערע מענטשן; דעם שיי־נעם, מענטשליכן טיפּ צווישן יוגנט...

אויך די איברים פון אַ מענטש טוען ווייזט אויס אויף דער עלטער „תשובה" און קריגן די כאַראַקטעריסטיקעס פון זייערע פרומע עלטערן: די נעזער ציען זיך אויס, ווערן פלייישיקער, די פלייצעס בויגן זיך איין... מיט איין וואָרט אַלע איברים טוען תשובה און גרייטן זיך צו קבר ישראל....

איך ווייס פון יידישע מענער און פרויען וואָס אין זייער יוגענט האָט מען זיי געקענט נעמען

פאַר עכטע אייראָפּעאישע מענטשן און אויף דער עלטער האָבן זיי אָנגעהויבן אויסזען ווי עכטע, אייביקע יידן. אַ וואונדער צו אויך דער געדאַנק טוט תשובה ווען ער ווערט שלאַבעריק און הויבט זיך אָן צופאַלן. . . .

* * * *

„עמי הארצים כל זמן שמזקינים דעתם מטורפת עליהם; תלמידי חכמים כל זמן שמז־קינים דעתם מיושבת עליהם". — דאָס איז אַ פּראַכטפולע און אמתע פּסיכאָלאָגישע אָבזער־וואַציע.

איך וואָלט נאָך געגאַנגען ווייטער און געזאָגט: עמי הארצים ווערן אויף דער עלטער אויך פיזיש, קערפּערליך מיאוסער; און תלמידי חכמים ווערן אויף דער עלטער אויך פיזיש שענער. עפּעס ווי די ליכט פונם געדאַנק, דער קלאָרער שכל וואָלט לענגער אויפגעהאַלטן זייער יוגנט, וויטאַליטעט, און אין אַסך פאַלן נאָך שענער געמאַכט ווי זיי זיינען געווען אין זייער יוגנט.

געטע איז אויף דער עלטער שענער געוואָרן און אודאי טאָלסטאָי. קיינער פון אונז וויל ניט זען וואָאַלט וויטמאַנס שענעם קאָפּ אין זיין יוגענט. און אפילו בערנאַרד שאָו איז שענער

געוואָרן אויף דער עלטער. און אויך אונזער מענדעלע מוכר ספרים.

* * * *

דער „נאַציאָנאַלער טיפּ“ ווערט אַסך בולטער צווישן דורכשניט־מענטשן אין זייערע עלטערע יאָרן: דעם עכטן ייד געפינט מען צווישן על־טערע יידן... „דזשאָן בול“ איז ניט קיין יונגער־מאַנטשיק; און אַזוי איז „אָנקל סעם“... וואָס עלטער עמי הארצישע מענטשן ווערן אַלץ נאַ־ציאָנאַלער הויבן זיי אָן אויסזען: זייערע גדאַנ־קען הויבן אָן תשובה טון דערשרעקנדיק זיך פאַרן טויט... און זייערע גופים מיט אַלע זייערע רמ״ח אברים הויבן זיך אָן הויקערן שלאַבערן און גרייטן זיך צו קבר אבותם....

* * * *

די אמתע גרויסע מענטשן מיט די זעלטענע ליכטיקע מוחות זיינען ניט געשטאָרבן מיט ווידוי נור מיט מרידה... משה האָט ניט געוויינט פאַר וואָס ער שטאַרבט נור ער האָט געוואָלט זען דעם געבאָטן לאַנד... און וויפיל יונגטליכער „טשע־לענדזש“ איז דאָ אין פאַסקאַלס „איך גיי זען דעם גרויסן אפשר“.

א אינטערנאַציאָנאַלער יוגנטליכער קאָנגרעס זעט אוים פיל קאָסמאָפּאָליטישער ווי א אינטער־נאַציאָנאַלער קאָנגרעס פון עלטערע אינטערנאַ־ציאָנאַליסטן און קאָסמאָפּאָליטן.

פראַנצויזישע, דייטשע, אַמעריקאַנער, ענג־לישע און יידישע „באָים" זען אוים אַסך ענלי־כער און חברשער ווי זייערע טאַטעס.

*   *   *   *

אין א צוקונפטיקער, איין־קלאַסיקער געזעל־שאַפט—אויב אַזאַ וועט אַמאָל קומען—וועלן זיין פּאַרטייען לויט דער עלטער פון די בירגער; יוגנטליכע, מיטליעריקע און עלטערע פּאַרטייען. און זייערע פּראָגראַמען וועלן זיין גרינטלעכע נאַטירלעכע און לעבעדיקערע ווי די פון אונזערע געגנוואַרטיקע פּאָליטישע פּאַרטייען מיט אונ־זערע קורצזיכטיקע עקאָנאָמישע און נאַציאָנאַלע אינטערעסן. . . .

און ס'וועלן ניט זיין קיין מלחמות סיידן מיר זאָלן גלויבן אַז דעם מענטשנס נאַטור איז אַזוי שלעכט אַז אפילו טאַטעס, קינדער און זיידעס וועלן מאַכן מלחמות צוליב זייערע פאַרשידענע נאַטירלעך־פּאָליטישע פּראָגראַמען.

*   *   *   *

אין שווערע, עקלהאַפטע און צינישע צייטן לעבן מיר אַצינד. אַוועקצוגיין פון דעם לעבן, שטעל איך זיך פאָר, מוז איצט זיין גרינגער, ווי אין די רעלאַטיווע גוטע צייטן. אָבער וויאַזוי גייט מען עס איצט אַוועק, נישט פּרואווונדיק מיט עפּעס כאָטש העלפן די קינדער זיך איינשטעלן, איינאָרדענען?

ס'איז ווי אַ זינד אַוועקצוגיין אין אַזאַ צייט און איבערלאָזן די קינדער זיך צו מוטשען אין און מיט די שווידערלעכע פּראָבלעמען, וואָס מיר און אונזערע אור־אור־עלטערן האָבן, ביודעים ובלא יודעים, פאַרקאָכט און איבערגעלאָזט פאַר אונ־זערע קינדער; און נאָך יידישע קינדער איבער־לאָזן אין אַזאַ וועלט? איך מוז זיי עפּעס נאָך העלפן, זאָג איך זיך, איך וויל זיי זען אַביסל כאָטש איינגעאָרדנט. איך וויל זיך איינרעדן, אַז איך בין נישט האַלב וועגס אויף באַרג אַראָפּ. אַלנפאַלס האָב איך קיינמאָל ניט געוואוסט ווען איך בין אויפן קאָפּ פון מיין באַרג־לעבן, און איך וויל אַצינד וואו איך זאָל זיך נישט געפינען, אויפן באַרג צי באַרג אַראָפּ, כאָטש אַ קוק טון אויף מיין געבאָטן לאַנד, אויף מיין אומשטערב־לעבקייט — מיינע קינדער.

*　*　*　*

און איך — ווי אַסך, אַ סך פון די היינטיקע עלטערן, וואָס הויבן זיך אָן צו עלטערן — געפין זיך פאַר דער טויט־און־לעבן פראַגע: אין וואָס פאַר אַ וועלט לאָז איך איבער מיינע קינדער? קען איך זיי מיט עפּעס העלפן? וואָס פאַר אַן עצות, וואָס פאַר אַ געבאָטן, אין וועלכע איך גלויב אויף אַן אמת, קען איך זיי איבערלאָזן?



כב.

## מיינע נישט געבאטענע געבאטן

**א רבי** האָט געפרעגט ביי אַ באַרימטן רבין:

„ווי קומט עס, וואָס דו האָסט פאַרלאָזט די דרכים פון דיין רבין?“

האָט ער אים געענטפערט:

„פאַרקערט, איך גיי יאָ אין זיינע דרכים: ער האָט אויך פאַרלאָזט די דרכים פון זיין רבין“...

* * * *

איך האָב קיינמאָל מיט מיינע קינדער נישט גערעדט וועגן גאָט. וואָרום איך האָב פשוט נישט געוואוסט וואָס צו זאָגן וועגן דעם. איך האָב נישט געוואוסט וויאַזוי מען הויבט גאָר אָן צו רעדן וועגן אַן „ענין“ וואָס מען קען גאָרנישט משיג זיין און קיין ווערטער זענען גאָרנישט פאַראַן דערצו.

גיי זאָג, רעד מיט קליינע קינדער מיט אָפענע זעענדיקע אויגעלעך און אָפענע שרעקנדיקע הערצעלעך וועגן גאָט, וואָס דו קענסט נישט געבן קיין געשטאַלט און פאָרם, און קינדער מוזן

אַלץ זען אין פאָרם און געשטאַלט, כאָטש איך האָב געוואוסט, אַז רעליגיעס געשאַפן פון אַ קינ־דישער מענטשהייט זענען ווי צוגעמאָסטן פאַר קינדער.

* * * *

איך בין קיינמאָל נישט געווען קיין פּראָפעס־סיאָנעלער אַטעאיסט און בין עס איצט אויך נישט. אַן איקאָנאָקלאַסט אָנערקענט איקאָנעס, אַנישט וואָלט ער זיי נישט געהאַלטן אין איין באַקעמפן; און אַ פּראָפעסיאָנעלער אַטעאיסט איז אַ פּאָטענציעלער בעל־תשובה און פרומאַק.

* * * *

מיר זענען שטענדיק געווען דערווידער די אפּיקורסימלעך, און איך האָב פיינט אַריינצוגיין יום-כפור אין אַ רעסטאָראַן צי אין אַ סינעמאַ, ווייל איך וויל דאָרט נישט טרעפן אָט די נאַרישע שנעקלעך און מיידלעך, וועלכע עסן יום־כפור, עפּעס ווי ס'וואָלט געווען אַ פּעט־פּאַרטייאיש מצווהלע.

און ווען געטער האָבן אַ חוש פאַר הומאָר — און זיי האָבן עס נישט — וואָלטן זיי די עבירהלעך אָנגענומען פאַר מצווהלעך.

* * * *

און דאָך האָב איך מיט די קינדער נישט גע־רעדט פון גאָט, צי פון אַ גאָט: מיט קינדער, אודאי, קען מען נישט רעדן פון פאַלשקייטן אָדער פון זאַכן, וואָס דו ווייסט נישט. און איך פּרואוו, אויף ווי ווייט ס'איז מענטשלעך מעגלעך און אין מיינע אָרימע כחות צו זיין אויפריכטיק. ריכטיק זיין — ווער קען עס? וואָס איז ריכטיק? אָבער אויפריכטיק קען מען דאָך פּרואוון זיין. און איך פּרואוו עס מיין גאַנץ לעבן. אפשר איז עס ווייל איך בין צו שוואַך, צופיל בעל פּחדן, צו זיין פאַלש, אַ ליג־נער. אַ בלאָפער און אַ „פושער"?

„אייער חסרון איז וואָס איר זענט צו ערלעך" — האָט מיר מיט אַ צייט צוריק געזאָגט אַ טיכ־טיקער און קלוגער מאָדערנער מאַלער, וואָס קאָ־קעטירט, אגב, מיט מיסטיציזם. אפשר יאָ? אויפריכטיקייט בּענטעט די פאַנטאַזיע און בינדט צו פאַקטן, צו לעבעדיקע מאָדעלן, לאָזט נישט זיין אילוזאָריש. איז אָבער נישט יעדער מענטש, אין תוך גענומען, שוואַך, אַ הילפלאָזע באַשע־פעניש?

איז נישט שוואַכקייט אונזער קראַפט? וואָלט ביירן געווען ביירן ווען ער וואָלט נישט גע־

ווען אַ לומער; דאָסטאָיעווסקי ווען ער איז נישט אַן עפּילעפּטיק; טאָלסטאָי ווען ער וואָלט געווען אַ „שיינער" מאַנספאַרשוין? און איך בין חושד אַז אפילו דער געזונטסטער צווישן די גאונים — געטע האָט געמוזט האָבן אַ פעלער, אַ מום... עקערמאַן האָט אים נאַקעט נישט געזען אויך נישט געקענט זען. און די מומים פון די גרויסע מאַכט זיי נישט קלענער און פאַרשוועכטער, נור פאַרקערט: אוניווערסאַל מענטשליך: ווייל ס'איז נישטאָ קיין מענטש אָן אַ מום....

* * * *

איך האָב קיינמאָל מיינע קינדער, אפילו ווען זיי זענען גאָר קליין געווען, נישט געלערנט וועלכע ס'איז פאָרמעלע תפילה; איך האָב זיי „שמע" נישט געלערנט זאָגן.

אָט דאָס זיסע בילד, ווי קינדער קניען פאַר זייערע בעטלעך מיט צונויפגעלייגטע הענטלעך און בענטשן זייערע טאַטע-מאַמע, ברידערלעך און שוועסטערלעך אָדער ווי זיי לייענען קריאת שמע מיט איבערגעצויגענע קאָלדרעס איבער די אויגן, מורא האָבנדיק פאַר פינסטערקייט, שדים און דאַמאָוואָיס, האָט צו מיר קיינמאָל נישט

אפּעלירט, צוליב דער לאָקריץ־זיסער פאַלשקייט, און ניט היגיענישקייט.

* * * *

טויזנטער יאָרן ווי מען זאָגט „שמע“ און זעקס מיליאָן יידן זענען אומגעקומען אין גאַז־קאַמערן און אַנדערע גיהנום׳ס... און צאַן־קדשים, יידישע אינטעליגענטן, האָבן זיך איצט צעמעקעט און צוכניאַקעט „שמע“...

* * * *

און איך האָב מיינע קינדערלעך נישט גע־לערנט אפּיקורסות, ווי אַ סך פון אונזערע היינ־טיקע בעלי תשובה פּלעגן עס טון. איך האָב גע־וואוסט און געזען, אַז קינדער האָבן ליב פאַר־מען, קולטן (און זיי האָבן געזען ווי אַנדערע שול־חברים גייען אין קירכע און סינאַגאָגע; און ווען זיי האָבן געוואָלט גיין אין שול אריין, האָב איך זיי געזאָגט: „גייט, אַז איר ווילט“). און איך האָב זיי געפּרואווט געבן לעבעדיקע פאָרמען: ליכט בענטשן, חנוכה־ליכטלעך, סדרים־נעכט. אָבער זיי האָבן זיך נישט אָנגענומען, פּונקט ווי ס׳איז מיר נישט געלונגען — און צופיל אָנ־שטרענגען זיך און אַנדערע האָב איך נישט ליב

— זיי אויסלערנען יידיש, מיין שפּראַך און מיין פּראָפּעסיאָנעלע שפּראַך.

נאַציאָנאַלע פאָרמען און קולטן מוזן וואַקסן מיטן לעבן און איינלעבן זיך און בייטן זיך מיטן לעבן, און אונזער לעבן קען נישט זיין יידיש חוץ לארץ, סיידן זיי — די פאָרמען — ווערן פּעט־ריפיצירט־רעליגיעז, טאַבוס און פּעטישן.

און איידער אַ טויט יידיש לעבן, אַ טויטע יידישקייט, איז בעסער אַ געזונט מענטשלעך און לעבעדיק לעבן.

* * * *

אָט בין איך איצט פאַרליבט אין רוּאָס אַ בילד פון יעזוסן, וואָס איז אויסגעשטעלט אין דער טעיט־גאַלערי. ס׳איז אַזוי טיף און רייך אין קאָ־לאָריט און מענטשלעכקייט... וואָס פאַר אַ „יידישקייט", וואָס פאַר אַ „גאָט", קען עס מיר זאָגן: „האָב נישט ליב דאָס בילד!" ? ווען איך האָב געלט און וואוין אין אַ גרויס הויז מיט גרויסע ווענט, קויף איך דאָס בילד, הענג עס אויף אויפן שענסטן אויבנאָן און אפשר אין מיין יידישן אַרבעט צימער. און וויאַזוי קען איך נישט זאָגן מיינע קינדער, אַז דאָס בילד איז אַזוי רייך?

קען איך זיך צוריקקערן צו אַ יידישקייט, וואָס זאָגט מיר „קענסט נישט באַוואונדערן די שאַרטר קאַטעדראַלע אָדער אַ רואָס קריסטוס" ? אָדער אפשר דאַרף מען מרוצה ווערן מיט דער היפּאָקריטיש - זיסלעך קאַטוילישן - קריסטלעכער יידישקייט פון אַן אַש־בובער און די אַנדערע מאָדערניסטישע יידישע מיסטיקער, וועלכע ווילן זען אין יעהאָוואַן אַ סופער סאַן־פּאָול און אין יעזוסן — אַ ר' נחמן אויף אַ צלם ?

* * * *

מען דאַרף וואָס גיכער אויפבויען אַן ארץ־ישראל, כדי וואָס גיכער פּטור צו ווערן פון די אַלע יידישקייט־אָפּגעטער, געטשקעס־קאָמפּלעקסן און אַנדערע הייליקע ירושות פון די פּרימיטיווע צייטן, וועלכע עסן ווי אַ זשאַווער אונזער לייב און לעבן.

אַמאָל ווען זיי זענען גאָר יונג געווען האָב איך זיי אַ פּאָר מאָל גענומען אין אַ שול אַריין צו שמחת־תורה — זען הקפות. איך האָב ליב לולבים, אָבער מענטשן, וואָס דינען צו טויטע פּאָרמען, האָבן קיין זין נישט פאַר פאָרמען ; און

איך האָב אַ סך אָפּטער מיט מיינע קינדער באַזוכט קאַטעדראַלעס און אַלטע קירכעס.

* * * *

דער באַרג אַרויף וועג פון מאַדריד צו טאָלעדאָ האָט מיר אויסגעזען מער „ירושלימדיק" ווי דער וועג פון יפו־תּל־אביב צו ירושלים.

* * * *

וויאַזוי קען וועלכע ס'איז יידישקייט מיר פאַרבאָטן צו הערן באַכס קאַפּיטלעך תהלים אָדער הענדלס משיח?

* * * *

אַלע מענטשלעכע פּרוּוון צו שאַפן איין גאָט זענען ביז איצט דורכגעפאַלן און פאַרשוועכט געוואָרן. מיר האָבן נאָר שברי-געטער „בצלמם ובדמותם".

שעפערישע מענטשן קענען זיין און זענען רעליגיעז אָן רעליגיעס; נישט שעפערישע מענטשן זענען בלוט־דורשטיקע און גייציקע געצנדינער אפילו ווען זיי רעדן אינם נאָמען פון דעם שענסטן און ריינסטן גאָט.

* * * *

פאַר אַ סך יחידים קען רעליגיע טאַקע זיין אַן אָפּיום און מען קען זיי אפשר באַרעכטיקן אַט די „שכרות", ווייל אין אונזער רוי־נאַקעט און ציניש־מאַטעריאַליסטישער געזעלשאַפט איז אפשר פאַרגעבלעך אַט די בענקשאַפט נאָך אַן אָפּיום פון די מער עמפּינדלעכע יחידים; אָבער פאַר די מאַסן איז רעליגיע קיינמאָל נישט געווען אַ אָפּיום, נאָר אַ מין העכערע, מיסטישע און באַהאַלטענע פּאָליציי־מאַכט, אַ מין העכערע „סיקרעט סערוויס" אָדער „געסטאַפּאָ", אַ הימלישער „אלמלא מוראה".

דער „גרויס אינקוויזיטאָר" איז אַ שטאַטסמאַן, וואָס אָפּערירט און מאַניפּולירט מיט „גאָט", ווי מיט אַ פּאָליציי־שעף אָדער אַ פּראַכטפולן מונדיר. פאַרשטייט זיך, אַז אויך צווישן די מאַסן זענען פאַראַן אַט די ריינע, תמימותדיקע נשמות, וועלכע זענען אמת רעליגיעז און אמתע פּאָעטן; און צווישן די מאַסן, אפשר מער ווי צווישן דער אַזוי גערופענער אינטעליגענץ און העכערע קלאַסן. „קונסט" איז דער אָפּיום פון די העכערע קלאַסן.

איך האָב קיינמאָל נישט „פאַרבאָטן" מיינע קינדער צו באַזוכן די „סקריפּטשור לעסאָנס" אין

דער שולע. ווי אַזוי קען אַ מענטש — צי ער איז רעליגיעז צי נישט — זיין קעגן דעם, אַז זיינע קינדער זאָלן קענען דעם „סערמאָן אָן טהי מאונט" (בערג-דרשה) און אַנדערע שיינע, עטישע און פּאָעטישע מעשיות און דרשות פונם נייעם טעסטאַמענט?

און ווען זיי האָבן געוואָלט אין די יידישע ימים טובים גיין אין שולע אריין, בין איך געווען קעגן דעם נאָר אין פאַל, ווען זיי זענען די איינ־ציקע יידישע קינדער, וואָס גייען יום־טוב אין שולע.

„אַנטלויפן פון יידן" — פלעג איך זיי אָפט זאָגן ביי פאַרשידענע געלעגנהייטן (און אונזער קראַנק יידיש לעבן גיט צו אָפטע געלעגנהייטן דערצו) „איז צו „אַסימילאַטאָריש יידיש" און נישט ווירדיק מענטשלעך." און מיינע קינדער, דוכט מיר, קוקן אויף זייער יידישקייט ווי אויף זעלבסטפאַרשטענדלעכעם און נאַטירלעכעם, אָט ווי זיי זען זיך ווי מיידלעך און נישט ווי יונג־לעך.

און מיר דאַכט זיך, אַז דאָס איז די בעסטע יידישקייט: ווען מען גיט אונז נישט קיין תורה, ווען מיר האָבן נישט קיין מיסיע נישט אין א"י

און נישט אין גלות. וואָלט איך אַלץ מיט מיינע קינדער, מיינע נאָענטסטע מיטמענטשן — נאָ־טירלעך יידן, מיט וועלכע איך האָב אַזויפיל גע־מיינזאַמע פיזישע און גייסטיקע ירושות, גוטע און שלעכטע און צווישן וועלכע איך פיל זיך היימישער — געאַרבעט און געשטרעבט פאַר אַ בעסערן מענטש און מענטשהייט.

*   *   *   *

זעלבסט קריטיק איז פיל געזונטער ווי אתה בחרתנו. און מיינע קינדער קוקן אַסך מאָל אויפן יידישן לעבן מיט מיינע אויגן: זיי האָבן פיינט ווי איך די געוויסע יידישע איבערגעשפּיצטקייט, דעם „אויליקן שיק" פונם מזרח מענטש וואָס וויל אויסזען אייראָפּעאישער פונם אייראָפּעער; דעם געוויסן יידישן גלאַנץ אין ליטעראַטור און קונסט; און דאָס יידישע אַנטלויפן פון זיך, באַ־האַלטן זיך. . . .

מיר זיינען אַסך מאָל מקנא דאָס שטילע און געלאַסענע לעבן פון אונזערע ענגלישע שכנים... (דער ענגלענדער איז אפשר דער אידעאַלער שכן אין ענגלאַנד, אָבער אין זיינע קאָלאָניעס און דאָ־מיניאָנס איז ער אַ „זון פון אַ האַרן פאָלק")

און איך האָב פיינט דעם יידישן ציניזם און זעלבסט ביטול וואָס דריקט זיך אויס אין אַזעלכע ווערטלעך ווי „אַ יידן טאָר מען ניט חושד זיין".
„מיר זיינען אַ קליין פאָלק אָבער אַ פאַסקודנע".
און נאָך צענדליקער אַזעלכע ווערטלעך וואָס האָבן גאָרנישט צוטון מיט זעלבסט קריטיק און דער־מאָנען גיכער אָן דעם געוויסן „הומאָר" מיט וועלכן יידן מיט אַ געמאַכטן יידישן אַקצענט קיצלען די נישט יידישע טעאַטער־גייער און לעזער....

אָבער ניט קוקנדיק אויף אַלע אונזערע שלעכטע מידות און מאַניערן און מיט מיין גאַנצן זעלבסט קריטיציזם וויים איך ניט צו סיי וועל־כעם פאָלק וואָלט אַרוים שעפערישער, שענער און געזונטער פון אַ צוויי טויזנט יעריקן גלות, נאָך אַזוי פיל נאַציאָנאַלע מפּלות:

דאָס אַמאָליקע קולטורעל דייטש פאָלק האָט די ערשטע וועלט מלחמה פאַרשפּילט און איז גע־וואָרן דאָס קלאַסישע פאָלק פון בעסטיאַלע מאַס־מאָרדן און טויט־פאַבריקן....

די ענגלישע אימפּעריע האָט זיך אָנגעהויבן וואקלען און דער דזשענטלמען און ספּאָרטסמען האָט אָנגעהויבן שלאָגן אַ געפאַלענעם און צו־

ברעכן די לעצטע האָפנונגען פון אַ פאָלק וואָס
וויל זיך נאָרמאַליזירן. . . .

און מיר נאָך אַ צוויי טויזנט יעריקן גלות און
אינערליכער און אויסערליכער דעגראַדאַציע —
אַ מאַרקס, אַ ערליך, אַ פרויד, אַ איינשטיין... און
וואָס איז אפשר נאָך געזונטער: אַ לעצטער העד־
ראַאישער קאַמף אין דער וואַרשעווער געטאָ;
און איצט — אַ יוגנט אין א"י וואָס קען זיך
פאַרמעסטן אין כוח, אינטעלעקט און אידעאַליזם
מיט אייער אַזוי גערופענער בעסטער נאָרמאַלער
יוגנט.

און דאָס נאָך אַ צוויי טויזנט יעריקן גלות.
„נאָט איי בער שאָ... זשענטלמען". וואָלט איר
עס געקענט באַווייזן, איר זשענטלמענישע פעל־
קער וואָס איר זענט צופרעסן און צולעכערט פון
אַ ווערמדיקן אַנטיסעמיטיזם — אַ פועל יוצא
פון אייער אויפגעריסענער מינדערווערטיקייט,
פון אייער אומזיסטער קנאה ושנאה און נעבעכ־
דיקן סנאָביזם — אַ פאַלשע קאָרט אין אייערע
אינטערעסן און מאַכט פּאָליטיק.

* * * *

„אַנטיסעמיטיזם איז דער סנאָביזם פון אָרימע

מענטשן" — אַ גוט וואָרט פון זשאַן פּאָל סאַרטר.

*   *   *   *

צדיקים האָבן געוואונען דעם פּראָצעס מיט כביכול און ער האָט מבטל געמאַכט אַ דעקרעט פונם קייזער פראַנץ יאָזעף. — דערציילט אַ מאָדערניסטישע חסידישע לעגענדע. וואו זיינען היינטיקע צדיקים? דאַרפן זיי נישט משפט'ן כביכול פאַר היטלערן און טאָקע פאַרמשפט'ן?!

*   *   *   *

געווען נעכטן אויף אַ מיטינג און געהערט די זעלבע דרשות פון צען, צוואַנציק, דרייסיק יאָר צוריק און פון די זעלבע שענע און באַרימטע רעדנער.

פאַר וואָס האָט קיינער פון זיי נישט רעזיגנירט פון זייערע בכבודיקע שטעלעס און פירערשאַפט נאָך אַזוי פיל פאַטאַלע נאַציאָנאַלע מפּלות?

*   *   *   *

פאַרוואָס לעסטער איך נישט אין אַ צייט, ווען נאָר לעסטערונגען קענען אַביסל אָפּרייניקן די

פאַרפּעסטעטע און פאַלש-הייליקע לופט, אין וועלכער מיר שטיקן זיך ?....

איך האָב נישט געקענט שלאָפן, און אינמיטן נאַכט געענדיקט רובאַשאָווס סענטימענטאַל ביכל וועגן יעקב פראַנק.

איך לייען לעצטנס אַביסל וועגן דער קבלה, וועגן שבתי־צבי און וועגן יעקב פראַנק....

און איך הויב זיך אָן פרעגן, צי די לעצטע זענען באמת געווען אַזוי זינדיק, וועלנדיק עוקר מן השורש זיין דעם קראַנקן גלות און מיט גע־וואַלד און דורך אַלע מיטלען אַראָפּברענגען די גאולה.

*  *  *  *

היינט האָט דער ראַדיאָ געמאָלדן וועגן גע־שלעגן צווישן די היימלאָזע יידן און די דייטשן אין דער אַמעריקאַנער זאָנע, אין בייערן. אַמע־ריקאַנער זעלנער האָבן מיט די באַיאָנעטן געמוזט איינשטילן די אומרוען.

אָ, ווי עקלהאַפט און אומדערטרעגלעך עס ווערט אָפט ! מענטשן, יידן.

*  *  *  *

מיין הונט איז ערשט אריינגעקומען פונדרויסן. ער איז אביסל נאַס — עס רעגנט לייכט אונטער. נעכטן איז ער אַרוים אין דער פרי און איז גע־קומען נאָך צען אין אָוונט. אַזוי לאַנג איז ער — דער איין־יאָריקער וויקי — נאָך קיינמאָל נישט געווען פון דער היים, און מיר האָבן זיך שוין אָנגעהויבן זאָרגן. עס האָט מיך געפרייט צו זען ווי מיין יונגסטע טאָכטער האָט זיך דער־פריידט, ווען „וויקי" איז געקומען צוריק און זי איז אַראָפּ אויף די טרעפּ אין די פּידזשאַמעס אים מקבל פנים זיין.

* * * *

וויקי איז אונזער ערשטער הונט. איך האָב אים אַ נאָמען געגעבן נאָך דער וויקטאָרי (אַ פאַרשוועכונג פאַר ווּעמען?) מיר האָבן זיך אַלע צוגעבונדן צו אים און ער איז זער פריינט־לעך צו פרעמדע, צו געסט, וואָס ער זעט דאָס ערשטע מאָל אין הויז. נישט קיין מיאוסער מאַנ-גרעל, פרעמדע פרויען און קינדער אין גאַס שטעלן זיך אָפּ אָפּט מיט אים שפּילן, גלעטן. (דאָס ביסל מענטשליכע גוטסקייט זוכט אַ אויסוועג אין ליב־שאַפט צו „פאַפּיס"...) איצט ליגט ער נעבן מיינע פיס ביים גאַז־פייער, אביסל זיך אָפּגע־

לעקט און שלאָפט שוין. איך קוק אויף אים און ער באַרואיקט מיך אַביסל: ער איז צו מיר פריינטלעכער ווי מיינע בעסטע און נאָענסטע מענטש־פריינט, איינגעשלאָסן פרוי און קינדער, וועלכע זענען דאָך מענטשן; איינגעשלאָסן מאָראַליסטן און בעלי־תשובה. ער טוט אָפּ נאַרישקייטן, ער לקחנט פון שכניםביינער, שמאָכטעס, אָבער באַוואוסטזיניק געמיין — קיינמאָל נישט.

איך „שטודיר” אויף אים אָפּט גאָט, מענטש און יידן־פראַגע, און לעבן, לעבן....



כג.

# געטער, אידעאלן, פּאַרטייען

איך האָב מיינע קינדער באַוואוסטזיניק נישט געגעבן קיין געטער — נישט קיין אמתע און נישט קיין פאַלשע (וועלכע זענען אמתע און וועלכע פאַלש?) — און איך בין צופרידן דער־מיט. איך וועל נישט זאָגן שטאָלץ דערמיט, ווייל דאָס־איז שוין ספּעציעלע אפּיקורסות, וועלכע גרייכט אָדער פאַלט צו דער מדרגה פון געצנדינעריי, פרומקייט.

און איך האָב זיי קיינמאָל, אויף ווי ווייט איך ווייס עס, נישט געגעבן קיין פּאַרטייען און אידעאַלן.

מסתמא בין איך אַזוי „שלעכט געמאַכט גע־וואָרן" ווי מען דריקט זיך אויס אין ענגליש — פּראַקטיש איז עס זיכער נישט און איך וועל נישט שווערן, אַז ס'איז אַ מעלה — נאָר איך בין קיינמאָל קיין פּאַרטיי־מענטש נישט געווען. און ווי נאָר איך האָב, אַלס אַ יינגל, געעפנט די אויגן און אָנגעהויבן נייגיריק און פאַרוואונדערט קוקן אויף דער וועלט, האָט דאָך שוין אַרום מיר און אין מיין געבורטס־שטאָט, אָדעס, געוויבלט

און געשוויבלט מיט פּאַרטייען און אידעאַלן.

נאָך אין שולע — אין דער אָדעסער „יעשי־באָט" — געדענק איך, האָבן די קינדער זיך גע־שפּילט אין געשלעגן צווישן „אַנטי'ס" און „פּאַר'ס" — דרייפוס. אַלע פּאַפּיראָסן־קעסטע־לעך האָבן געהאַט קאַרטינקעס פון זאָלאַ, דרייפוס, עסטערהאַזי א.א. און אַלע מיינע חברים, ווען איך האָב פאַרלאָזט די שולע, זענען געווען „עפּעס" — ציוניסטן, סאָציאַל־דעמאָקראַטן, עסערן, ס"ס, בונדיסטן, פּועלי ציון א.א.וו.

און איך, אַ געקרייזלט, געפּוצט יונגל, וואָס האָט געוואָלט זיין אַ כודאָזשניק און געלייענט טרוימעריש, ווי יונגלעך לייענען, רוסישע, יידישע און העברעאישע ביכלעך, בין שוין דע־מאָלט נישט געווען אַ פּאַרטייאישער. איך בין געווען נאָנט צו די ציוניסטן און פלעג אַלע שבת גיין אין יבנה, וואו די יוגנט פלעגט שטיין אין הויף און דיסקוטירט בשעתן דאַווענען, און דאָך האָב איך זיך אויך געהאַלטן פאַר אַ סאָציאַ־ליסט, געטראָגן רויטע און בלויע רוסישע סאַטין העמדלעך און געוואָלט שטאַרק אַרעסטירט ווערן פון דער צאַריסטישער פּאָליציי. פלעג גיין אויף אַלע „קאָנספּיראַטיווע" סכאָדקעס און סאָבראַ־

ניעס, געלייענט גאָרקי און מענדעלע, מאָפּאַסאַן, טשעכאָוו, פּאָו, און זיך געמוטשעט און נישט געקענט פאַרשטיין מאַרקס׳ס „קאַפּיטאַל“, שפּינאָזאַס „עטיק“ (פּונקט ווי איך האָב נישט פאַרשטאַנען „איזהו נשך“ און „הלכות נדה“ כאָטש אויך אין יענע יונגלשע יאָרן פלעג איך שוין דיסקוטירן פּראָבלעם „פּאָלאָוואָי וואָפּראָס“ מיט באַקאַנטע מיידלעך מיט וועלכע איך פלעג אויך לייענען מאָפּאַסאַנס דערציילונגען און איך האָב זיי זייער ליב געהאַט). און קוים אַביסל פאַרדייעט באַגדאַנאָווס פּאָליטישע עקאָנאָמיע. געזונגען נעקראַסאָווס לידער און שוין ליב געהאַט רייזענס לידער. געווען שטאָלץ אויפן זבענק מיט א „פּריקלאַד“, וואָס א קאָזאַק האָט מיר דערלאַנגט אויף אַן אַקסל אויף א מאַי־דעמאָנסטראַציע, וואו איך האָב אָנטייל גענומען אין א ניי בלוי העמדל. (און ווי צופרידן בין איך געווען, וואָס דוקא צוויי הויכע יונגע רוסן האָבן מיך געפירט אַהיים, ווייל איך האָב פונם קלאַפּ נישט געקענט גיין אַליין)

און ווי שטאָלץ בין איך געווען וואָס די פּאָליציי האָט אויך ביי מיר אין שטוב געמאַכט אַן אָביסק, און נאָך ווי שטאָלץ, ווען איך האָב זיך דערוואוסט דערנאָך, אַז אין דער אייגענער נאַכט

האָט מען געמאַכט אַביסקעס ביי די באַרימטסטע אָדעסער יידן, ווי אחד־העם, לעווינסקי, ביאַליק, רבניצקי א.א.

און ביי מיר, אַ יונגל, האָט מען אויך געזוכט געווער, און די פּאָליציי האָט נישט געוואוסט, אַז אויף דער ספרים־עטאַזשערקע, וואו איך האָב אַ קולטור־קריג געפירט מיט מיין זיידן, האָט זיך געפונען דער געשריבענער מאַנוסקריפּט פון זשאַבאָטינסקי׳ס איבערזעצונג פון משא נמירוב, וואָס האָט דערנאָך געדאַרפט העקטאָגראַפירט און צעשפּרייט ווערן, ווי דער ערשטער רוף צו „סאַמאָ־אָבראָנע“.

און אויף אַלע „פּאַרטיי־בערזעס“ האָב איך געהאַט פריינט, יונגלעך און מיידלעך, וועלכע איך פלעג אָפט „אויסגלייכן“ אין זייערע דיסקו־סיעס.

און אויף דער עלטער, אין מיינע „באָהעמישע וואַנדער־יאָרן“, בין איך אויך נישט געווען פּראַק־טיש און בעל־תכלית צו ווערן אַ פּאַרטיי־מאַן.

ירושלים, מינכען, פּאַריז, לאָנדאָן — שוין אויך אַ שרייבער, אַ זשורנאַליסט און פּובליציסט און קיין פּאַרטיי האָט מיך נישט געקענט „אויס־כאַפּן“ (נישט קיין באַזונדערע מציאה) און איך

האָב נישט געפונען קיין פּאַרטיי, וואָס איך זאָל זאָגן: „אָט דאָ בין איך“.

בלויז סימפּאַטיעס און אַנטיפּאַטיעס.

איך שרייב עס צו, הויפּטזאַכלעך, מיין נישט־פּראַקטישקייט — „היינטיקע צייטן מוז אַ שרייבער באַלאַנגען צו אַ פּאַרטיי“ — און אויך אפשר דער שלימזלדיקער פעאיקייט צו זעןביידע זייטן פון אַ פראַגע? אפשר אַ געוויסער נעוראַטישער באַהעמישקייט, וואָס דערלאָזט נישט לאַנג זיך צו קאָנצענטרירן אויף איין פּונקט, אין איין ריכטונג. נאָר, ווי ס'זאָל נישט זיין, באַדויער איך איצט גאָרנישט מיין נישט־פּאַרטייאישקייט.

*   *   *   *

איך באַלאַנג נישט צו קיין שול, צו קיין פּאַרטיי און צו קיין „בעריאל סאָסייעטי“. און אַלע דריי האָבן, דאַכט זיך, עפּעס געמיינשאַפטלעכעס: זיי פאַרזאָרגן און באַגראָבן אייער נשמה, געדאַנק און קערפּער.

*   *   *   *

פּאַרטייען זענען נויטיק אין דער צייט פון וואַלן און אין דער צייט פון רעוואָלוציעס, און

ס'איז פאַר מיר שטענדיק אַ פראַגע פון שטימען פאַר „דער מינדערער שלעכטסקייט".

* * * *

ס'רוב פאַרטיי־מענטשן זענען ווי די שול־גייערס און פרומאַקעס: זיי גייען אַרום זאַט און צופרידן מיט זיך: די פאַרטיי, ווי די קירכע, פאַרענטפערט זיי אַלעס, פאַרשפאָרט זיי קלערן און רייניקט זיי, אין זייערע אייגענע אויגן, פון זייערע זינד און נאַרישקייטן. זיי פאָרן שטענדיק אויף רעלסן. זייער „קאָמפּלייסענסי" און זעלבסט־צדקות עקלט אָפּט, צי זיי באַלאַנגען צו לינקע אָדער רעכטע פאַרטייען; און אויף יעדן אומפאַרטייאישן אָדער אַנדער־פאַרטייאישן קוקן זיי מיט בטול און רחמנות, ווי אויף איינעם, וואָס האָט קיין חלק נישט אין עולם הבא און מעג אָפּגערוימט ווערן פון זיין עולם הזה.

* * * *

פון אַלע מאָדערנע גרויסע פאַרטיי און פּעל־קער פירער איז לענין, דוכט מיר, געווען דער מענטשליכסטער און ערליכסטער (איך רעד ניט פון זיינע אַנשויאונגען און טעאָריעס). ערליכער און פשוטער פון גאַנדין; פון אַ טראָצקי אָפּגע־

רעדט. די מיינסטע אַנדערע גרויסע פירער פון אונזערע טראַגישע יאָרן זיינען ס'רוב פּאָליטי־שענס.

גאָרקי איז, דוכט מיר, געווען ערליכער פונם פיל רייכערן און גרעסערן מענטש און קינסטלער טאָלסטאָי. און לענין האָט נאָך ווייניקער פון זיי ביידן געהאַט פּאָזע.

* * * *

פּלאַטאָ'ס „מלך־פילאָזאָף", אונזער „ממלכת כהנים" און זשאָרעס „רעפּובליק פון מלכים" זיינען אין תוך גענומען איינס און דאָס זעלבע, הגם זיי קענען און ווערן פאַרשידן פאַרטייטשט. און אינם לעצטן איז אונזער אומגליק.

* * * *

און די פירערלעך און טעאָרעטיקער פון די פּאַרטייען — זיי דערמאָנען אָפט אין די פעטע כהנים. ווער קען זיך צו זיי גלייכן? אי זיי דינען זייער גאָט און העלפן אייך דינען אייער גאָט; אי זיי קריגן גוטע ווייַדזשעס, בכבודיקע וויי־דזשעס, שכר בטול תורה אָדער הוצאות אויפצו־האַלטן דעם פּרעסטיזש פון דער פּאַרטיי. זיי זענען ציניש און הייליק צו דער זעלבער צייט. זיי זיינען די מאָדערנע כלי קודש. אַלץ ווייסן זיי

און קענען פאַרענטפערן פאַר זייערע צאַן־קדשים. קרעכצן אויף גלות־השכינה און מעלקן זי ווי אַ גוטע, כשרע ציג.

וואָס איז שייך די גרויסע געניאַלע פירער פון פּאַרטייען — און אַלע זענען געניאַל און אויב נישט — נאָך העכער — וואונדער איך זיך אָפּט צי אַן אמת גרויסער דענקער מיט אַ חוש פאַר הומאָר און מיט אַ קענטשאַפט פון מענטשן וואָלט געקאָנט זיין פירער, האָבן מאַכט מער ווי פיר און צוואַנציק שעה אין זיין לעבן, ווען ער איז אויף אַן אמת אינספּירירט און גלויבט, אַז ער זעט דעם וועג צו אַן אויסלייזונג?

די פּאָר בעסטע און אויפריכטיקסטע פון די גרויסע פירער ווערן אָבער, ס׳רוב, געפאַנגען און געקרייציקט פון זייערע אייגענע כהנים, לוויים און מיליאָנען נאָכפאָלגער: אויף צלמים פון געט־לעכקייט און פאַרגעטלעכקייט.

*　　*　　*　　*

יעדער שטיקל דיכטער, וואָס האָט עס פאַר־זוכט, ווייסט ווי לאַנגווייליק עס איז דער אַפּלויז און די קאָמפּלימענטן, וואָס ער קריגט פון „זיי־נע“ פאַרערער און פאַרערערינס — וואָס זענען

נישט אינגאַנצן סעקסועל באַפרידיקט פון זייע־רע געזעצלעכע, כשרע און לאַנגווייליקע לעבנס, און דאָך...

* * * *

די געטער זענען שוין לאַנג צוריק געשטאָרבן און אויסגעגאַנגען פון לאַנגווייליקייט, דער־שטיקט געוואָרן ממש פון די מאָנאָטאָנע קדוש, קדוש, קדוש.

* * * *

דער גרעסטער פאַרגעניגן פון גרויסע און פּאָ־פּולערע הערשער, זאָגט מען, (און ס'לייגט זיך אויפן שכל) איז צו פּאָרן ערגעץ אָדער זיין אין זייער אייגענער הויפּט־שטאָדט אינקאָגניטאָ. צי לוינט זיך צו טראָגן אַ קרוין, כדי מען זאָל קע־נען האָבן דעם פאַרגעניגן צו זיין אינקאָגניטאָ?

און ווי גוט איז אונז, געוועגלעכע מענטשן, וואָס מיר קענען אַרומגיין אַלע טעג פון אונזע־רע לעבנס אומבאַקאַנט, ווי אַלע מענטשן!

* * * *

ס'רוב מענטשן זוכן רייכטימער, כדי זיי זאָלן קריגן „לעזשור" און פאַרלירן אַזויפיל גאָלדענע

טעג פון „לעזשור" — פון פריי, ווען עס ווילט זיך אַרומגיין אין די גאַסן פון אונזערע שטעט, אין די פעלדער, אין די מוזעאומס און אויף די וואקזאלן.

* * * *

און ווייטער קען זיין, אַז ס'איז לאַנגווייליק צו זיין אַ פירער, פונקט ווי ס'איז לאַנגווייליק צו זיין אַ הענקער, אַ סטאָלער, אַ יידישער זשורנאַליסט אָדער אַ שמש אין אַ רעפאָרם־סי־נאַגאָגע. די שטויב פון טאָג־טעגלעכקייט דעקט זיי אַלע צו, און זייער בויכווייטאָק איז דער אייגענער צי זיי זיצן אויף אַ גאָלדענער בית־הכסא צי אויף אַ הילצערנער...

* * * *

אין אַ ראַציאָנאַלער געזעלשאַפט, אויב אַזאַ וועט אַמאָל קומען, וועלן נישט קיין נביאים, פירערס, דעמאַגאָגן און אָראַטאָרס רעגולירן און פּלאַנירן דאָס לעבן פון דער געזעלשאַפט, נאָר סאָציאָלאָגן, עקאָנאָמיקער, סאניטארן און ביאָ־לאָגן; און ס'וועט זיי זיין גוט, ווייל דאָס וועט זיין זייער דזשאב, זייער פאַך, ווי אַלע פאַכן. און יעדער פאַך קען זיין שעפעריש ווי נוצלעך.

די אַלטע און נייע פּאָעטן און רעליגיאָנס־לע־רער זענען געווען די אינטואיטיווע מרגלים פון אונזער וויסנשאַפט, וועלכע איז נאָך יונג און האָט נאָך אַפילו נישט פאָרמירט דעם באמת־ציוויליזירטן מענטשן.

*　　*　　*　　*

גלויבן, רעליגיע, איז ווי אַ „האָט האוז“: אַ גלעזערן הויז אָנגעפּילט מיט אַ הויכער טעמ־פּעראַטור און מיט עקזאָטישע פּלאַנצן און ריחות, וועלכע שכורן, טשאַדען און קענען דערשטיקן; און דער אינטעלעקט, דער שכל, איז פריי פעלד אונטער אַ אָפענעם הימל. עס קען זיין געוויטעריק און מוראדיק אונטערן פרייען הימל ביינאַכט און איר לויפט זיך באַ־האַלטן און באַשיצן אין אַ „האָט האוז“ אַפילו פון בלויז גלאָז אין אַן עת־צרה... אָבער ווי פרייער אָטעמט זיך, ווען איר גייט ווידער אַרויס אונטערן אָפענעם הימל!

*　　*　　*　　*

איך בין, ליידער, שטענדיק געווען נענטער צו די קונסטן ווי צו די וויסנשאַפטן, און אפשר טאַקע דערפאַר האָב איך דעם איינדרוק, אַז אין

דער וויסנשאַפטלעכער לאַבאָראַטאָריע איז דאָ מער אמת ווי אין סיי וועלכן עס איז טעמפּל; און דער וויסנשאַפטסמאַן, אין זיין ווייסן קיטל, איז ערלעכער ווי דער כהן אין זיינע בגדי כהונה. דער וויסנשאַפטסמאַן איז אויך אַ מענש, אָבער ער קען נישט, שוין צוליב זיין פאַך און מעטאָד פון אַנאַליז, זאָגן אַזויפיל ליגנס ווי דער אינספּירירטער מיסטיקער.



כד.

# אויסלייזונג און אויפלייזונג

ס'רוב פארטיי־פירערס זענען מער פארליבט אין די נאציאנאלע און סאציאלע צרות — זייער „רעזאן ד'עטר" — ווי אין זייערע אויסלייזונגען, וואס זיי שלאגן אונז פאר.

א סך קראנקע פארליבן זיך אזוי אין זייערע קראנקהייטן, אז זיי שטארבן אזש, ווען זיי ווערן געזונט. א סך מאל דאכט זיך מיר, אז דאס יידישע פאלק האט מורא געזונט צו ווערן, ווייל מיט געזונט קען עס, חלילה, אויס יידיש ווערן.

פאר א סך פון אונזערע יידן איז דער יידישער קרעכץ דאס פינטעלע ייד, זייער יידישקייט: פאגראמען, צרות, שכינתא־בגלותא, צדקה. און ווי נאר מען וויל זיך באפרייען פון די יידישע צרות, פון דעם קרעכץ — אזוי צעגעוואלדעוועט מען זיך „אסימילאטארן!"

*    *    *    *

דער לייטמאטיוו פון דער יידישער ליטעראטור און פעריאדישער פרעסע איז פארן לעצטן האלבן יארהונדערט געווען — פארוואָרצלט

זיך, צוריק צו באָדן, צו פרוכטבאַרער פּראַצע.

פאַרפאָרט אַ יידישער דיכטער צו יידישע פאַרמערס אין דער ווייטער וועסט, בירא-בי־דזשאַן און אַפילו א"י און קומט צוריק מיט קלאָג־לידער: מען זעט אַפילו דאָרט קיין יידישע צייטונג נישט, זיי פאַרגעסן אין גלות, קיין יידי־שע צייטונג. וואָס קלאָגט און שרייט: צרות, צוריק צו באָדן, אוי, גלות, וויאַזוי ווערט מען פּטור פון אים? — ס'איז נישטאָ דאָרט קיין ריכטיקע שול, וואו מען זאָל אויף אַן אמת קלאָגן: „פאַרוואָס האָט מען אונז פאַרטריבן פון אונזער באָדן?"

* * * *

אויסלייזונג און אויפלייזונג זענען אָפט און אין תוך איינס און דאָס זעלבע.

לייזן דאָס יידישע פּראָבלעם הייסט אויפלייזן דאָס יידישע פּראָבלעם; אויסלייזן פון גלות הייסט אויפלייזן דעם גלות פון אַלע זיינע אי־נערלעכע און אויסערלעכע אָנשיקענישן און קאָמפּלעקסן.

אויסלייזונג און אויפלייזונג חד הוא:

שרייען די יידישע מיסיאָנערן און גלות־יידן,

מיט רעכט, צו די ציוניסטן, אַז איר וועט האָבן אַ יידישע מלוכה וועט דאָס יידישע פאָלק אונ־טערגיין; און די ציוניסטן שרייען צו קאָמו־ניסטן, אויך מיט רעכט, ביי אייך, אין אייער געזעלשאַפט, מוז אונטערגיין יידישקייט.

און אַזוי שרייען אַלע, איינער אויפן אַנדערן, איין פּאַרטיי אויף דער צווייטער — און נישט נאָר ביי אונז יידן — און אַלע מיט רעכט, ווייל יעדער פון אונז איז פאַרליבט אין זיינער אַן אַל־טער קראַנקהייט.

דער גרעסטער חלק פון אַלע נאַציאָנאַלע ראָ־מאַנטיקעס איז, ווי מען איז אויסגעלייזט גע־וואָרן פון צרות, פון אומגליקן; און די אומ־גליקן און צרות אַליין זען אונז אויס אַזוי ליב...

אַלע געדענקען מיר דעם טעם גן־עדן, וואָס מיר האָבן געפילט אין דעם היימישן קוגל, צי־מעס און טשאָלנט — אָבער פּרוּווט זיי איצט עסן!

הלואי וואָלטן אונזערע ראַדיקאַלע פּאַרטייען — נאַציאָנאַלע און סאָציאַלע — געהאַט די דרייסטקייט צו דערקלערן, „מיר ווילן אויסגע־לייזט און טאַקע אויך אויפגעלייזט ווערן“. אָבער אונזערע רעוואָלוציאָנערן און ראַדיקאַלן

— לינקע און רעכטע — זענען אַליין פאַרליבט אין נעוויסע גוטע, אַלטע און ליבע קראַנקהייטן.

אַ פראַנצויזישער יידישער קאַטוילישער שרייבער (מארסעל שוואב?) האָט געזאָגט: „דאָס יידישע פאָלק וועט אויסגעלייזט ווערן ווען קרייסט וועט ווידערקומען און קרייסט וועט ווידערקומען ווען דאָס יידישע פאָלק וועט אויס־געלייזט ווערן". היינט גיי וויים. אַ ציניִשער רעאַליסט וואָלט דערויף קאָמענטירט: דאָס הייסט קיינמאָל ניט אָדער ווען אויף דער דלאָ־ניע וועט וואַקסן האָר.

און דאָך איז דער פּאַראַדאָקס אָדער „באָן מאָ" כאַראַקטעריסטיש פאַר די מאָדערנע ראַ־פינירטע מיסטיקער וועלכע וויסן ווי צו שפּילן זיך מיט ווערטער אין אַ מין ווייַ־רויך און טשאַד פון געדאַנקען און געפילן.

און דאָך בלאָנדזשעט אַ „אמתל" ערגעץ אין דער מיסטישער ראָד, אין דעם פאַרכשופטן קרייז:

זענען פאַראַן איזאָלירטע פּראָבלעמען און לייַ־זונגען? און זענען איבערהויפּט פאַראַן לייזונ־גען?

*   *   *   *

מען דערציילט אַז אַסך — זייער צאָל קען מען ניט וויסן — פון די אומגליקלעכע יידן וואָס האָבן זיך געראַטעוועט פון די גאַז־אויוונס, ווייל ס׳איז זיי געלינגען צוליב זייער ניט יידישן אויסזען אויסבאַהאַלטן זיך און לעבן צווישן קריסטן — ווילן זיך נאָך אַלץ ניט אַנטפּלעקן אַלס יידן, ווילן נאָך אַלץ ניט אַרויסקומען פון זייער באַהעלטעניש און פאַרשטעלעניש... זיי זיינען די טראַגישסטע מאַראַנען מיט וועלכע אונזער מאַרטירער געשיכטע האָט אונז ביז איצט באַגליקט....

שוין לאַנג נאָך די ניורעמבערגער פּראָצעסן... און — להבדיל אלף הבדלות — אַ יידישע מלוכה הויבט זיך אָן פאָרמירן... און זיי טרויען נאָך אַלץ מער זייער ניט יידישן אויסזען וואָס האָט זיי געראַטעוועט פון ווערן „הייליקער אַש“ און ווילן זיך נאָך אַלץ ניט באַווייזן ווי יידן....

זיי טרויען און גלויבן ניט די „ניורעמבערגער פּראָצעסן“, און ניט דער „יידישער מלוכה“...

און ווער פון אונז, איינגעשלאָסן די גלוי־ביגסטע ציוניסטן און אויפריכטיקסטע בעלי תשובה, קען געפינען מוט און צו זיי רופן:

באַווייזט זיך... אַ נײַ לעבן קומט... אַזעלכע פאַרברעכן וועלן שוין נישט פאָרקומען.

*   *   *   *

אין נײַנצן דרײַ און דרײַסיק און אין די פאָלגנדיקע פאָר יאָר האָט זיך אונז געדאַכט, אַז די אַסימילירטע יידישע אינטעליגענץ באַזונדער פון דײַטשלאַנד, הויבט זיך אָן צו אונז, צום פאָלק אומקערן... צווישן איינעקע דײַטש־יידישע שרײַבער ווי די צווייגס, דעבלינס א.א. האָט זיך אפילו באַוויזן אַ לעבעדיקער אינטערעס צו די נײַע יידישע און העברעאישע ליטעראַטורן (און איניקע דײַטש־יידישע געלערנטע האָבן זיך באַזעצט אין ירושלים אַרום דעם אוניווער־זיטעט): ס'האָט אונז דאַן אַלעמען אויסגעזען, אַז אונזער אַסימילאַציע פּילט זיך ענדלעך און אינגאַנצן באַנקראָט....

און איך געדענק אַז אין יענע שוין ווײַטע יאָרן איז בײַ אונז יידישע שרײַבער אויפגעקומען אפילו אַ מין „סופּעריאָריטי קאָמפּלעקס" לגבי אונזערע פרעמד־שפּראַכיקע שרײַבער:

אָט מיר האָבן אונזער אייגענע באָדן־שפּראַך... פון אונזער פאָלקס־שפּראַך קען אונז קיינער ניט

פאַרטרייבן... אונזער פאָלק קען זיך פון אונז ניט אָפּזאָגן....

אָבער פון אונזער אַסימילאַטאָרישע בעלי תשובה הערט מען שוין, דאַכט זיך, מער נישט: האָט די יידישע שפּראַך און ליטעראַטור זיי ניט ווי געהעריק מקבל באהבה געווען? אָדער זיי האָבן זיך אַרומגעקוקט אַז ס'איז ניטאָ צו וואָס און צו וועמען זיך אומצוקערן? האָבן זיי זיך אַרומגעקוקט און דערזען אַז די אַסימילאַציע וואָס האָט פאַר זיי באַנקראָטירט, האָט זיך אַריבער־געטראָגן און אַריינגעוואָרעמט אין אונזער פאָלקס־ליטעראַטור... און אַז די יידישע פאָלקס־אינטעליגענץ איז געוואָרן רעליגיעז־מיסיאָנעריש און מיסטיקער בעלי תשובה ווי זייערע עלטערן, וועלכע האָבן אויך גע'טענה'ט, אַז זיי זענען מאָנאָטעאיסטישע יידן, דייטשן פון יידישן גלויבן מיט עפּעס אַ באַזונדערע יידישע עטיק, יידישע שליחות וואָס נור איין יידישער גאָט ווייסט וואָס דאָס איז אַזוינס....

וואוהין זשע זאָלן זיי זיך אומקערן?

זיינען זיי אויך אַוועק צוריק אין זייער באַהעל־טעניש... אויב ניט באַגאַנגען זעלבסטמאָרד... בלאָנדזשען זיי איצט אַרום פאַרשעמטע, באַלייד־

דיקטע און אויסגעלײדיקטע אין די גרויס פּאָ־
טאַלע שטעט פון אייראָפּע און אַמעריקע, און
וואַרטן צו זען וואָס וועט זיך פון אונזער נאַריש
וועלטל אויסקאָכן....

* * * *

זען מיר איצט אין א"י דעם לעצטן קאַמף
פון אונזער פאָלק „אַ פאָלק צו פעלקער גלייך"
ווערן?

וועט די דריטע יידישע מלוכה זיין אויך די
ל ע צ ט ע יידישע מלוכה... נאָך אַ לעצטן חורבן,
אַ חורבן פון דער דריטער מלוכה ווען אפילו די
געשוואָרענע און געירשנטע „טרערן מיליאָנערן"
ניט קענען באַוויינען....

אונזערע לעצטע געזונטע קאַמפּספּייאיקע
פאָלקס כוחות, אונזער לעצט ביסל קאַמפּ־לוס־
טיקע יידישע יוגנט... אונזערע לעצטע בריונים
און מכביים... אונזער לעצטע פּראַכט — אונזערע
געזונט־פיסיקע און אָרם־מוסקולירטע זין און
טעכטער....

די לעצטע און געזונטסטע כוחות וואָס זיינען
אונז געבליבן נאָכן לעצטן קאַמף אין דער וואַר־

שעווער געטאָ — ווען זיי אין א"י זיגן אָדער אויסגיין....

דער לעצטער קאַמף פון א פֿאָלק.
תחזקנה ידי כל אחינו....

* * * *

פון אַנדריי זשידס טאָגביכער:

„פרעד נאַטאַסאָן האָט צוריקגעבנדיק מיר דעם מאַנוסקריפּט פון מיין פּיעסע „שאול" געפונען אפנים פּאַר נויטיק צוצוגעבן: „איבעריקנס, האָב איך קיינמאָל ניט געלייענט די ביבל".

ס'איז מאָדנע ווי די אַלע געבילדעטע יידן וואָס איך קען יחסנען זיך דערמיט וואָס זיי האָבן קיינמאָל ניט געלייענט די ביבל... צום טייפל, וואָס האָבן זיי מורא צו געפינען דאָרט? קיין זאַך דערקוטשעט („אנאינג") מיר ניט אַזוי. דאָס דערמאָנט ווי שוואב (איז עס דער זעלבער פריער דערמאָנטער יידישער קאַטאָליק שוואַב?) דעקט צו זיינע שפּיגלען מיט פּאַפּירן. און דאָס דערלויבט זיי ניט מודה זיין אויף זייער מיאוס־קייט; יאָ, אָבער צוליב דעם פּאַרזען זיי אויך

זייערע שיינקייטן. איך מוז וועגן דעם איבער־
רעדן מיט בלום׳ן.

* * * *

די עקלהאפטע בורזשוא־קולטור אסימילאציע אונזערע פונם פאַריקן יאַרהונדערט און אָנפאנג פונם איצטיקן, וועלכע איז ניט געווען קיין אסי־מילאציע נור א קנעכטישע נאָכקרימעניש. (זע אחד העם׳ס פראכטפולן עסיי „חקוי והתבוללות“).

עס קאָן קיין ספק ניט זיין אז די „אסימילא־ציע“ האָט מער פארמיאוסט דעם יידן ווי דער פרימיטיווער טראכט און די מיאוסע מאַניערן פון די גאליצישע און פוילישע יידן. . . .

ניט אומזיסט קען מען ניט געפינען א מער וועניקער פאָזיטיוון יידישן טיפ אין די ווערק פון א אנאטאל פראנס, מארסעל פרוסט און אין דער אייראָפעאישער נאָוועלע בכלל.

אונזער אַסימילאַטאָרישע יאקבי קולטורעלע אינטעליגענץ (וועלכע געפינען זיך לעצטנס אין א גרויסער צאָל אויך אין אונזערע נאציאָנאלע פאַרטייען) זאָגן אייך אונטער פיר אויגן (אין דער הויך האָבן זיי מורא צו רעדן פון „אזעלכע זאַכן“...) אז דער רוב אייראָפעאישער שרייבער

זיינען אנטיסעמיטיש געשטימט און דערפאַר מאַכן זיי פון יידן שטענדיק קאַריקאַטורן... און מיר זאָגן אַז דאָס זיינען ניט קיין קאַריקאַטורן נור רעאַליסטישע פּאָרטרעטן פון... זיי אַליין.

* * * *

„די געבילדעטע יידן האַלטן עס פאַראַ יחוס וואָס זיי האָבן קיינמאָל ניט געלייענט די ביבל"; און אויף די זיצונגען פון דער „דזשויש באָרד אָף דעפּוטיס" טאָר מען ניט רעדן אין דער יידישער פאָלקס שפּראַך... — וואָס עקלט מער?

* * * *

ווען אונזער לעצטער העראָאישער פּרואוו נאַציאָנאַל אויסגעלייזט צו ווערן אין און דורך א"י ווערט, חלילה, דורכפאַלן — און אין דער איצטיקער טראַגישער, האָפענונגסלאָזער, צעריסענער און פון אינטערעסן צעפּרעסענער געזעלשאַפט איז דאָס מעגלעך — וועט בלייבן דער לעצטער חוב אויפצולייזן דאָס יידישע פאָלק — דעם נאַציאָנאַל־וועלטלעכן — דריי מיליאָניקן אפשר טייל פונם גלות, וואָס וויל לעבן און בויען ארץ־ישראל.

איש לאהליך ישראל!

איש לאהליך וועט סאי ווי הערשן, אויב ס׳וועלן נישט דראָען קיין נייע בעלזענס. „סייוו קי פּיי״. ראַטעווען זיך ווער ס׳קען.

כח.

# היפאקריטישער אידעאַליזם און דער שעפערישער עגא

עס וועט קומען אַ צייט, ווען מען וועט אידעאַלן צעברעכן אויף אַקעראַייזנס; צעברעכן, זאָג איך, ווייל אידעאַלן זענען די שאַרפסטע און האַרטסטע כלי־זין, מיט וועלכע מענטשן און פעלקער פאַרטיליקן זיך.

*   *   *   *

דער אַזוי גערופענער אידעאַליזם קען זיין, איז געווען און וועט זיין פונקט אַזוי בלוט־דורשטיק און צעשטערנד ווי רעליגיעזער פאַנאַטיזם. האָט היטלער נישט געהאַט אַן אידעאַל? זענען זיינע נאַצים נישט געווען אידעאַליסטיש און גרייט זיך צו וואַרפן אין פייער און אַנדערע פאַרברענען אינם נאָמען פון זייער אידעאַל?

*   *   *   *

און זעט עס איצט נישט אוים מעגלעך, אַז די נעכסטע מלחמה (די שרעקלעכסטע; אַלע נעכסטע מלחמות זענען די שרעקלעכסטע) וועט

פאָרקומען צווישן די סאָציאַליסטן און קאָמו־ניסטן אינם נאָמען פון צוויי אידעאַלן, וועלכע אונטערשיידן זיך דערמיט, וואָס איין שולע זאָגט, מען דאַרף עפענען דאָס איי פון דער שמאָלערער זייט און די אַנדערע — פון דער קיילעכיקער זייט?

* * * *

מיט מיין נישט־פּראַקטישן שכל, אָדער רופט עס נאַאיוויטעט, האָב איך קיינמאָל נישט פאַר־שטאַנען פאַרוואָס און מיט וואָס סאָציאַליזם איז אַן אידעאַל: פאַר מיר איז סאָציאַליזם פון די יונגלערישע יאָרן אָן געווען אַ זעלבסטפאַר־שטענדליכקייט, „אַ דיקטיישאָן פון קאָמאָן סענס". ס'איז דאָך קלאָר און פאַרשטענדלעך, אַז מענטשן טאָרן נישט הונגערן, דאַרפן זיין בעלי־בתים פון זייער אַרבעט; און וואָס פאַר אַן אמתן וואוילטאָג קענען מענטשן פילן ווען ס'איז אויפן חשבון פונם בלוט, מאַרך און טרערן פון אַנדערע? אָט די נאַרישע מענטשן, וואָס מיינען, אַז זיי זענען קלוג און האָבן מאַכט, מוזן דאָך אַזאַ וואוילטאָג אויסקרענקען; און זיי קרענקען עס דאָך טאַקע אויס.

* * * *

פילאָזאָפן רופן עס אידעאַלן, אידעאַליזם, ווייל די אידעאַליסטן, וואָס אַרבעטן יאָקבי פאַר זייער אידעאַל זענען מקריב פון זייערע אינטערעסן, פון זייער עגאָ, לטובת הכלל, לטובת זייער אידעאַל.

אָבער דאָס איז דאָך פאַלש אין גרונט גענומען: וואָס רייכער און אַנטוויקלטער דער מענטשלע־כער עגאָ איז, אַלץ אוניווערסאַלער זענען זיינע אינטערעסן.

אַן אמת עגאָאיסטישער מענטש, אַן אמתער אינדיווידועלער עגאָ, איז פאַראינטערעסירט אין דער גאַנצער וועלט; אַלעמענס אינטערעסן זענען זיינע אינטערעסן.

* * * *

אַ חזיר זעט נאָר זיין קאָריטע און הויבט זיין קאָפּ נישט אויף פון זיין קאָריטע, אָבער אַ מענטש מיט אַן אמת רייכן עגאָ?

וואָס עגאָאיסטישער און אַנטוויקלטער אַ מענטשלעכער עגאָ איז, אַלץ אוניווערסאַלער און אַלמענטשלעכער איז ער. אַלץ, וואָס אינטערע־סירט מענטשן, זענען זיינע עגאָאיסטישע אינ־טערעסן. נעמט די גרעסטע מענטשן, מיט וועלכע

די מענטשהייט שטאָלצירט: וואָס פאר אַ‏ן ענגאַ־איסטן און עגאָצענטריקער זענען זיי געווען, און זייער גרויס מעסט זיך מיט דער אוניווערסאַליש־קייט, מיט דעם קאָסמישן פארנעם פון זייערע אינטערעסן.

דער צדיק איז גאָטס שותף אין דער גאַנצער יצירה.

* * * *

איך בין נישט קיין אַרבעטער און דאָך איז מיין עגאָ טיף באַליידיקט פונם באַוואוסטזיין, אַז עס זענען דאָ סלאַמס, און אַז קוילנגרעבערס ווערן שלעכט באַצאָלט און ליידן פון סיליקאָסיס, און עס עקלען מיר אָט די פעטע, רייכע מאַגנאַטן, וועלכע זענען אומגליקלעך און מוזן זיך פאַר־שפּילן מיט פּאָליטיק, מאַכט, קונסט, רעליגיע און ווייסן נישט וואָס צו טון מיט זיך.

זיי עקלען מיך, ווייל זיי זענען אין דער אמתן אַזעלכע אָרימע עגאָס, חזירים מיט גאָלדענע נאָז־בענדער אין די נעזער.

* * * *

פאַרוואָס? ווייל איך האָב אַ געוויסן אָדער אַ סאָציאַל געוויסן? ניין! נאָר ווייל מיין עגאָ

און נערוון־סיסטעם איז רייכער, אַנטוויקלטער און נעמט מער אַרום און אַריין אַנדערע אינטע־רעסן, ווי אָט די יאַקבי ציווילייזירטע און געביל־דעטע חזירים, וועלכע פירן זיך אַרום מיט זייערע גאָלדענע קאַרעטעס אויף שטאָט־באַנקעטן, גע־זעץ־געבערישע הייזער.

* * * *

פאַרוואָס? ווייל איך בין געבוירן געוואָרן פון אָרימע יידישע עלטערן האָב איך אזא ענגאָ מיט אַ סאָציאַלן געוויסן? ווידעראַמאָל, ניין! טאָל־סטאָי, צום ביישפּיל, איז געווען אַ גראַף און וואָס פאַר אַ פּראַכטפולער עגאָאיסט איז ער גע־ווען? וויפיל אַזעלכע עגאָאיסטן קענט איר גע־פינען אין זיין קלאַס מענטשלעך מיט גילדענע קאַרעטעלעך? און אַ קראָפּאָטקין? און לענין? און אַ ישעיהו, וועלכער האָט געשטאַמט פון דער אַריסטאָקראַטיע? און הונדערטער און הונדער־טער אַזעלכע פּראַכטפולע עגאָאיסטן זענען גע־ווען, זענען פאַראַן און וועלן זיין, אָבער — צום אומגליק פון דער מענטשהייט — שטענדיק אין אַ נישט־באַדייטנדער מינדערהייט צווישן מיליאָ־נען און מיליאָנען פאַנאַטישע רעליגיעזע און אידעאַליסטישע חיהלעך....

און ווען איינער זאָגט, איך בין אַן אידעאַ־ליסט, איך בין מקריב פון מיינע אינטערעסן פאַר אַ קלאַס, צו אַ כלל, איז ער אָדער אַ היפּאָקריט אָדער סתם פאַרפירט און ווייסט נישט וואָס ער קלערט. זער אָפט מיינט ער אָבער: איך האָב זיך געמאַכט פאַר זיך אַ גאָלדענע קאַריטע, אַ קאַ־ריערע אויפן חשבון פונם כלל, אויפן חשבון פון אַן אידעאַל. וואָס פאַר אַ געמיינע מענטשעלעך — בלעק מאַרקעטירס, פּראָצענטניקעס, וואָס זענען גרייט איינער דעם צווייטן דערטרינקען אין אַ לעפל וואַסער, רופן זיך עס היינטיקע צייטן נישט אַן אידעאַליסטן און טוען נישט אָפּ געמיינקייטן תחת-כנפי אידעאַל אָדער פּאַרטיי?

* * * *

ס'איז אין מיינע אייגענע אינטערעסן צו וואוי־נען אין אַ שטאָט אָן סלאַמס, ווייל אויסער דעם וואָס עס באַליידיקט מיך, אַלס אַ מענטשן, צו זעען מיינס גלייכן, מיט דעם זעלבן צלם־אלקים, צעקריפּלט; און קינדער, ווי מיינע קינדער, קראַנק און ראַכיטנע, ווייס איך אויך אַזוי גענוי און עמפּיריש, אַז סלאַמס האָדעווען געפערלעכע מיקראָבן, גייסטיקע און פיזישע, און רעוואָלו־ציעס און שנאה און פּאָגראָמען, איך טו קיינעם

קיין טובה נישט, נאָר זיך אַליין, מיין עגאָ, און מיינע קינדער.

אַ רייך אַנטוויקלטער עגאָ איז אוניווערסאַל און ווייטזיכטיק.

* * * *

אַ מאַסן־עגאָ, אַ כלל־עגאָ איז פאַרגאַנגענהייט אָדער צוקונפט; אין דער קעגנוואַרט איז עס בלינד און קען לייכט פאַרפירט ווערן. נאָר אַ פּאָר ליכטיקע שעהן ווייזן רעוואָלוציעס.

* * * *

איך בין פאַר אַ ראַציאָנעלער געזעלשאַפט און קעגן מלחמות, נישט ווייל איך וויל פאַרזאָרגן די וועלט, נישט ווייל איך בין אַן אידעאַליסט, נאָר ווייל ס'איז אין מיינע אינטערעסן און אין די אינטערעסן פון מיינע קינדער, וועלכע מוזן ליידן פון די מלחמות, רעוואָלוציעס, מגיפות, הונגער און אַנדערע אָנשיקענישן, וואָס זיי מוזן נאָך זיך ברענגען.

מיין עגאָ שטייט נישט אָן צו באַלאַנגען צו אַ מין מענטש, וואָס פאַרטיליקט זיך אַזוי, ערגער ווי מאַלפּעס און ווילדע חיות....

וואָס פאַר אַן אָרימע עגאָס זענען די, וואָס קויפן באַדינונג, פריינטשאַפט און ליבע; וואָס זען נישט די שנאה פון אָרימע, באָרוועסע קינדער, ווען זיי גייען „סלאַמען" אין זייערע „ראָלס רויס"; וואָס זען און פילן נישט די פון אויבן אַראָפּ בליקן פון זייערע לאַקייען און „באַטלערס"; און אַז זייערע געקויפטע קעפּסווייבער שפּילן ליבעס מיט זייערע שאָפערן!

אָט די חזירים רופן מאַנכע אָן מיט דעם שיינעם, רייכן נאָמען עגאָאיסטן!

מיין עגאָ זאָגט מיר, אַז ס'איז נאַריש, פאַלש און אַ מינדערווערטיק קאָמפּלעקס צו טענהן, אַז מיין פאָלק איז בעסער, אויסדערווײַלטער פון אַלע פעלקער, ווייל איך האָב אַביסל געלערנט פון אַנדערע פעלקער און מענטשן; און הלואי וואָלט איך נאָך מער געלערנט פון זיי!

ווייל מיין עגאָ זאָגט, אַז דאָס בעסטע אין אונז איז אַלמענטשלעך און דאָס בעסטע פון אַלע אַנדערע פעלקער דאַרף ווערן אונזערס...

אַן אמתער עגאָ זאָגט: איך בין דער עלטערזיידע, און איך וויל, אַז מיינע קינדער און קינדערס קינדער זאָלן דאָס אייגענע זאָגן און נישט גיין אין מיינע פוסטריט.

. י טראַגעדיע פון אונזער צייט איז נישט דאָס, וואָס מען האָט אויפגעהערט גלויבן אין גאָט, נאָר וואָס מיר האָבן פאַרלוירן דעם גלויבן אינם מענטש; און „מענטשעלעך" האָבן גאָר קיין עגאָ נישט....

דעם מענטשנס עגאָ איז אַזוי איינגעשרומפּן און קורצזיכטיק געוואָרן: און פּאַרטייען, קיר־כעס, אידעאַלן, אונטער וועלכע אַלע מיט זייערע קליינינקע, קורצזיכטיקע אינטערעסעלעך און בייסעלעך באַהאַלטן זיך איצט — האָבן נאָר גע־האָלפן דערצו.

אידעאַלן, פּאַרטייען, קירכעס, אידעאָלאָגיעס — זענען די גאָלדענע חופות, אונטער וועלכע עס באַהאַלטן זיך איצט אַ ווערימדיקע מענטשהייט מיט גייץ און הונגער־אַפּעטיטן; און זיי פּאַרטי־ליקן זיך אונטער די גאָלדענע חופות און פאָנען.

אָדער אפשר האָבן נאַרישע פּאַסטוכער און זייערע הינט צוזאַמענגעטריבן אַזוי אָט די טשערעדעס שעפּסענע וועלף, ווייל זיי האָבן נישט געוואוסט וואָס זיי טוען?

ווען איך האָב ליב דאָס וואָרט „נידער", וואָלט איך געזאָגט, נידער מיט אידעאַליזם, און לעבן זאָל דער עגאָ — דער רייך אַנטוויקלטער, שעפע־

רישער מענטשלעכער ענגאָ! נישט דער אָנגעבלאָ־
זענער אויבער מענטש נור דער שותּף צו דער
גאַנצער יצירה.

* * * *

וואָס וואָס, נור אַ היפּאָקריט איז שיילאָק נישט
געווען... און דערפאַר, ווייל ער איז נישט קיין
היפּאָקריט, ווירקט ער אַזוי „נישט מענטשלעך“.

ווייל וואָס צייכנט הויפּזאַכלעך אוים דעם
מענטשן פון אַלע אַנדערע באַשעפענישן און חיות
איז זיין היפּאָקריטישקייט... און דאָס
קריסטנטום האָט אפשר מער גורם געווען
היפּאָקריטישקייט ווי אַלע אַנדערע רעליגיעס...
און טאַקע דערפאַר ווייל זי איז אפשר טאַקע די
עטישסטע רעליגיע.

* * * *

נור די וואָס קריטיקירן זיך אַליין האָבן אַ
רעכט צו קריטיקירן אַנדערע. דאָס איז גילטיק
בנוגע פעלקער ווי יחידים.

די רעטונג פון דער מענטשהייט וועט קומען
נישט דורך אידעאַלן און געטער, נאָר ווען

מענטשן וועלן זייערע אמתע ענגאָס געפינען,
רייכער מאַכן און אַנטוויקלען.

* * * *

וואָס קען איך מער און בעסערס זאָגן מיינע קינדער ווי — זייט עגאָאיסטן, האָט ליב דאָס גאַנצע לעבן און אַנטוויקלט אין זיך אַ פאַראַנט־וואָרטלעכקייט פאַרן גאַנצן לעבן, ווייל אַלץ, וואָס געשעט ערגעץ־וואו באַרירט אייך און אייערע קינדער צום גוטן אָדער צום שלעכטן.

אָבער וויאַזוי בילדעט מען אויס אַ מענטשהייט פון מענטשן מיט רייך־אַנטוויקלטע, ווייטזעענדיקע מענטשלעכע ענגאָס? נאָך אַן אוטאָפּיע, נאָך אַן אידעאַל, וועט מען זאָגן. עס קען אַזוי אויסזען, אָבער דאָך נישט אַזוי היפּאָקריטיש, פאַלש און פאַרפירעריש ווי די אַלע עטישע און אידעאַליסטישע תורות און פּראַזעאָלאָגיעס, מיט וועלכע מיר פאַרפעסטן אונזערע קינדער אין אונזערע שולעס, ווי מיט די אַנדערע קלעפּיקע און גיפטיקע זיסקייטן.

לערנען אונזערע קינדער דינען און מקריב זיין זיך פאַרן כלל, צי פאַרן פאָלק, איז פאַלש און היפּאָקריטיש פון אונזער זייט, ווייל מיר זענען

אין דער אמתן נישט אויסן דעם כלל, נאָר אונ־
זערע פעטישן, גלויבונגען און טראַדיציעס,
וועלכע ווערן פון אונז זעלטן רעווידירט; און
ס'איז פאַלש און נישט אויפריכטיק צו די קינ־
דער, ווייל קיינער וויל, אין דער אמתן, נישט
זיין א קרבן; ווייל יעדע לעבעדיקע זאך וויל
און מוז, קודם כל, לעבן, און מיר זענען, אין דער
אמתן, אויסן דעם שכנס קינדער מקריב צו זיין
און נישט די אייגענע.

* * * *

מיר שוידערן אויף, ווען מיר לייענען ווי די
פרימיטיווע שבטים פלעגן מקריב זיין זייערע
קינדער צו אָפּגעטער. — און וואָס זענען אונ־
זערע היינטיקע רויטע, ווייסע און גרינע ארמייען,
און אונזערע קינדער, וואָס מיר דערציען זיי אויף
קידוש־השם? מיר האָבן די אַלטע מולך'ס אַנגע־
טון נייע מאַסקעס — מאָנאַרכיזם, נאַציאָנאַ־
לער האָנאָר, אידעאַל, אייגענע קולטור און „וועג
פון לעבן", „דיסנסי" — און די אַלטע מולך'ס
פרעסן אויף מיליאָנען פון אונזערע קינדער און
מיטמענטשן, מער און געשמאַקער ווי אין די
פרימיטיווסטע צייטן.

וואָס פאַר אַ טאַטע איז היינט נישט קיין אברהם, וואָס איז גרייט מקריב צו זיין זיין זון און איז טאַקע נישט איין יצחק מקריב....

ווער פון אונז הערט היינטיקע צייטן נישט אַזוי אָפט „גאָטס שטימע“ פונם ראַדיאָ, פון דער פּלאַטפאָרמע, פון זיין צייטונג: אברהם, אברהם, נעם דיינע קינדער און ברענג זיי פאַר אַ קרבן?..

וואָס מיר דאַרפן לערנען אונזערע קינדער איז צו זיין עגאָאיסטן, און דאָס דאַרף זיין פיל גרינגער ווי צו לערנען זיי עטיק און אידעאַליזם, ווייל מיט אַן עגאָ, מיט אַ ווילן און דראַנג צו לעבן, ווערט יעדער געבוירן.

דינט אייער עגאָ, אייערע אינטערעסן, און אונזערע שולן, אונזער גאַנצע בילדונג דאַרף באַשטיין אין אַנטוויקלען די עגאָס און צו עפענען די האָריזאָנטן פון יעדנס אינטערעסן.

* * * *

נישט קיין אויבערמענטשן, נאָר געזונטע מענטשן דאַרף די וועלט האָבן: מענטשן מיט פיינע עגאָס, וואָס זייערע אינטערעסן זאָלן זיין גרויס ווי די וועלט, ווי די וועלט, וואָס מיר קענען באַנעמען.

אויבערמענטש — איז דער קאָמפּלעקס פון שוואַכע; אַן עבד־מושל איז אַן אויבערמענטש.

זיי אַ געזונטער מענטש מיט אַ שעפערישן עגאָ און דו וועסט שוין ממילא זיין אַ גוטער ייד, אַ גוטער פראַנצויז, צי אַ גוטער ענגלענדער.

האָב ליב דיין שכן, נישט ווי זיך אליין, נאָר ווייל דו האָסט זיך אליין ליב! — וואָס פאַר אַ געבאָט פון די צוויי געבאָטן איז פּראַקטישער צו רעאַליזירן און פּראָפּאַגירן?

* * * *

דער שענסטער און עטישסטער געבאָט אין אַלע רעליגיעס איז: „זאָלסט ליב האָבן דיין חבר ווי זיך אַליין" אָדער „זאָלסט נישט טון צו דיין שכן, וואָס דו ווילסט נישט ס'זאָל געטון ווערן צו דיר". אין דעם איז די טראַגיק פון דער עטיק.

וואָס אַלע רעליגיעס דאַרפן פּרעדיקן איז: זאָלסט ליב האָבן דיין חבר נישט ווי, נאָר ווייל דו האָסט זיך אַליין ליב. אמתער עגאָ, אמתע ליבשאַפט צו זיך מוז פירן דערצו, אַז איך זאָל קיינעם נישט טון וואָס איך וויל נישט מען זאָל מיר טון.

כו.

# באחרית הימים

## די לעגענדע פון געקרייציקטן פאלק

איצט דינט די מענטשהייט, די מאכט־באזע סענע פעלקער צו א געקרייציקטן יחיד, צו א יידן, וואס איז געקרייציקט געווארן מיט צוויי טויזנט יאר צוריק.

א שיינע מענטשלעכע לעגענדע, אפשר טאקע די שענסטע און מענטשלעכסטע: א מענטש מיט א פיינעם עגא, וואס האט אלע מענטשן געזען אין זיך און זיך אין אלע. א מענטש, וואס זיינע לעצטע ווערטער זענען געווען „גאט, פארוואס האסטו מיך פארלאזט?"

און גאט האט אים פארלאזט, ווייל אין יעדן דור און דור ווערט ער פון דאס ניי געקרייציקט, דער פיינער מענטש מיט דעם אלאומפאסנדיקן עגא, ער, צי ער איז א גאליליא, צי א דאן־קיכאט....

און וואָס איז נאָך טראַגישער: זיינע פאַר־ערער און די, וואָס דינען אים, האַלטן אים אין איין קרייציקן. יעדער דור האָט אַן אַנדערן יש״ו, און דער אַנדערער ישוע האָט אַן אַנדערן גרויסן אינקוויזיטאָר.

און אין דעם נאָמען פון דעם ניט פאַרשטאַנע־נעם און נישט אויפגעקלערטן ענגאָ ווערן מלחמות, אינקוויזיציעס און שייטער־הויפנס געברענט. „אָ, גאָט, מיין גאָט, פאַרוואָס האָסטו מיך פאַר־לאָזט?“ — און ס׳מוז אַזוי אָנגיין! און מענטשן און פעלקער וועלן זיך נאָך מער פאַרפּלאָנטערן אין זייערע אייגענע, ס׳רוב אַרטיפיציעלע פּראָ־בלעמען, מעטאַפיזישע און מיסטישע עטיקעס און פסיידאָ־וויסנשאַפטלעכע אידעאָלאָגיעס — און מיר וועלן נאָך אַ פּאָר וועלט־מלחמות האָבן; פאַרוואָס טאַקע נישט אויך אַטאָמישע? דער קורצזיכטיקער מענטשלעכער עגאָאיזם האָט אַזוי־פיל בטחון אין זיין גאָט און אינטערעסן און וועט אַלץ וואַגן. — וועט אונזער פאָלק, אונזער יידיש פאָלק טאַקע אָפּגעמעקט ווערן פון דער ערד?

ס׳וועט אפילו קיין שארית־הפליטה נישט בלייבן, סיידן אפשר נאָר די לעצטע צדקה גדולה.

מאָלט אייך די אַנדערע פעלקער פון דער ערד וועלן אויך אַרויס בשן ועין פון אַ פּאָר אַטאָמישע מלחמות. אָבער פון הונדערטער מיליאָנען וועט דאָך אַ שארית הפליטה בלייבן. און די שארית־הפליטה וועט זיך אויסוויישן די אויגן און זיך אַרומזעען: נישטאָ קיין יידן... אַנטיסעמיטן וועלן בלייבן, אָבער קיין יידן נישט. וועט די מענטש־לעכע פּסיכישע דיאַלעקטיק זיך געבן אַזאַ קונציקן דריי איבער און אַ נייע לעגענדע וועט די שארית־הפליטה פונם מענטשלעכן מין אָנהויבן צו שפּי־נען. און אפשר נאָך אַ שענערע, רייכערע, מאָ־דערנערע און „דעמאָקראַטישערע" ווי די אַלטע לעגענדע פונם געקרייציקן יחיד, וועלכע וועט שוין סאַי ווי ביז דאַן זיין היסטאָריש־וויסנ־שאַפטלעך דיסקרעדיטירט. (און דינען אַ יחיד וועט אויך זיין נישט־דעמאָקראַטיש).

און די נייע לעגענדע וועט הייסן: די לעגענדע פונם געקרייציקטן פאָלק. און דאָס געראַטעוועטע ביסל מענטשהייט וועט אָנהויבן דינען צום גע־קרייציקטן פאָלק.

און די פּיקאַסאָס פון דער נישט צו ווייטער צוקונפט, וועלכע וועלן שוין דאַן לאַנג זיין אַקאַ־

דעמיש, וועלן מאָלן גרויסע פרעסקאָס פאַר די לעצטע גאַנץ-געבליבענע טעמפּלען, וועלכע וועלן פאָרשטעלן דאָס געקרייציקטע פאָלק, וואָס האָט אַמאָל געהייסן דאָס אייביקע פאָלק. און אויף די מאָסן־איקאָנעס וועט מען דערקענען די פיגורן פון משה, ישוע, שפּינאָזאַ און מאַרקס. און אפילו די אַלע גרויסע מענטשן, וואָס מיר קענען איצט און מיינען, אַז זיי זענען נישט קיין יידן (ווי שעקספּיר, געטע, פּלאַטאָן און אַריסטאָטעל) וועלן אויך זיין צווישן די יידישע פיגורן אויף די הייליקע בילדער פונם געקרייציקטן פאָלק. און מען וועט דינען, קניען און פאַרגיסן טרערן פאַר די הייליקע בילדער פונם געקרייציקטן פאָלק.

און די לעגענדע וועט ווערן אַלץ פּאָפּולערער און באַליבטער—דער געזאַלבטער מאָטיוו ביי אַלע גרויסע פּאָעטן, קינסטלער און פילאָזאָפישע היסטאָריקער.

ביז די מענטשהייט וועט אַביסל ווידער צו זיך קומען, זיך ווידער פאַרמערן און אפשר אויך איבערבויען, ביז עס וועלן זיך געפינען אַזעלכע גלויביקע, נאַראָנים, וואָס וועלן זיך וועלן איינ־רעדן, אַז זיי שטאַמען פון אָט דעם געקרייציקטן פאָלק.

און עס וועלן זיך ווידער באַווייזן יידן... און א יידיש פּראָבלעם!

און... „די ערד וועט ווידער ווערן פול מיט זיין כבוד“.

## חזק חזק ונתחזק

---

אָנגעהויבן שרייבן דעם 26־טן מערץ 1946

געענדיקט — דעם 2־טן מאַי, 1946

---